№ 45.

צװײטער יאָהרגאַנג

# יודישע פאָלקס-צײטונג

4 Поvember 1903. | פּערלאַג „פאָלקס-בילדונג" װאַרשא. | י"ד חשון תרס"ד.

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

וואַרשא, גענשע 13, וואהנונג 7,

80-30 אין טהויער, 2 שטאק. (192)

---

НОВАЯ КНИГА

СОВРЕМЕННАЯ ПАЛЕСТИНА

составилъ И. Белкиндъ.

---

# אינטערעסאַנט, שיין און וויכטיג.

איז דער בעריהמטער אָדעסער

# יודיש-רוסישער טעגליכער אַבּרייס-קאַלענדאַר

## (ОТРЫВНОЙ КАЛЕНДАРЬ)

### אויף דעם יאָהר 1904 (תרס"ד-תרס"ה)

Книжный магазинъ Братьевъ Блятницкихъ въ Одессѣ, Еврейская № 35.
Buchhandlung Gebrüder Blatnitzky in Odessa (Russland).

---

## לעזט און הערט דעם אמת!!

אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע
היילען נישט אויס קיין שום ברוך. דאס
גוטינקייט פון איינעם ברוכבאנד איז נור ער
זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט
דריקען דעם קערפער.

וואלכע פערפערטיגט
אין אייגענער פאבריק
וועלכע איז בעעהרט
געוואָרען מיט מעדאילע
פון דער דאקטארסקע
אויסשטעללונג

**Д. Мошковскій, Варшава**

Налевки № 37

(135) 60—34

---

הוצאת „תושיה".

ספר חדש

# ארץ ישראל.

ספר למוד הגיאוגרפיה של ארץ ישראל עם מפה בעלת צבעים בעברית

מאת **יהודה גרזובסקי.**

וזה תכנו:

דברים אחדים.

פרק א: מקום ארץ ישראל, שמותיה, גבוליתיה, גדלה וחלוקתה.

פרק ב: ההרים, העמקים והמדברות.

פרק ג: הימים והנחלים

פרק ד: שלטון הארץ, יושביה, עריה הגדולות ומושבות היהודים.

פרק ה: תוצאות הארץ, האקלים, תכונת הארץ ואחדים מחקי הארץ.

(252) **מחירו 25 ק', פארטא 2 ק'.** 4—5

Издат. „Тушія" Варшава. — Verlag „Tuschija" Warschau

בע"פ: נובוליפקי 7 מעון 9.

---

# „הדגל"

בעד אחינו הקוראים ברוסיה

**מחירו: 5 רו"כ לשנה, לחצי שנה: 2.50 רו"כ.**

לשלוח בשטרי רוסיה או במרקאות הפוסתה בנות 10 קאפ'.

**האדריסה לבית המערכת:**

»HADEGEL« 6 TENTER str. north, LONDON, E.

ברוסיה לחתום אצל:

J. Kahanowitz, 38 Nalewki. in WARSCHAU.
Buchhandlung Leizer Tikocinski in Bialystock. Gouw. Grodno.

הנחה לרבנים ובתי מקרא לציונים, רק 3 רו"כ לשנה.

השנה מתחלת בירח אב. כסף החתימה בעד כל השנה למפרע.

# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען, האלב־יעהרליך . . . . 5 „ פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהר־ליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.


4 November 1903. Nr. 45. י"ד חשון תרס"ד.

## באלדיגע הילף.

ווער געדענקט ניט וויפיעל אונזערע צייטונגען האבען באלד נאך קישינובער פאגראם צערעדט וועגען דער עמיגראציע, וואס מען האט ערווארטעט, אז באלד נאך דעם גרויסען אומגליק זאל זיך ביי יודען אנהויבען.

איינינע האבען עצות געגעבען, אז מען זאל גרינדען עמיגרא־ציאנע קאמיטעטען, א סך קאמיטעטען אויף אלע גרענעצען, אויף אלע פארטען, דורך וועלכע די עמיגראנטען פאהרען דורך אונ קומען אן, יק"א זאל געבען דערויף געלד, מען זאל קלויבען געלד, א סך געלד אונ אונזערע צייטונגען האבען געשיט דערויף מיט מיליאנען ווי מיט באב, פארשטעהט זיך נאר אין ציפערן, פאר די עמיגראנטען, מען זאל פארגרינגערען זייער שווערען וועג אין פרעמדע לענדער אונ זייער שלעכטע לאגע.

טייל האבען ווידער עצות געגעבען, אז מען זאל ניט לאזען דעם עולם עמיגרירען ביז די קאמיטעטען וועלען מיט זייערע גרויסע קאפיטאלען ניט ארגאניזירט ווערען ווי עס דארף צו זיין.

פון נאך דעם זעקסטען קאנגרעס האלטען עפיס פאר א מצוה די „אוגאנדיסטען" אבצורעדען דעם עולם פון צו עמיגרירען ביז די עקספעדיציע וועט פאהרען קיין מזרח־אפריקא אויספארשטען דאס לאנד אוגאנדא, וואס מען וויל יודען אוועקגעבען. די געגנערס פון אוגאנדא — די קלאג־מיטערס גלייבען זיך אויס אין דעם מיט די אוגאנדיסטען אונ געפינען אויך פאר נייטיג דערוייל אבצורעדען דעם עולם צו עמיגרירען אפילו קיין ארץ־ישראל.

די צייט געהט, די יודישע לאגע ווערד וואס אמאל ערגער, יעדען טאג קומען צו מענשען, וועלכע האבען ניט ביי וואס צו בע־שעפטיגען זיך, זייערע פעהיגקייטען אונ קרעפטען האבען זיי ניט אויף וואס צו בענוצען, מענשען מיט געזונטע הענט אונ ברייטע פלייצעס זוכען ארבייט אונ געפינען ניט, אזוינע מענשען געהען ארום ליידיג אהן שום ארבייט אונ ווייסען ניט וואס מיט זיך צו טון, ווי זאל מען זיך א היין טון אונ מען פיהלט זיך ווי ארויסגעווארפענע, ווי איבעריגע אויף דער וועלט. דערווייל מוז מען לעבען אונ קיין מיטעל מיט וואס צו לעבען איז ניט דא, ווען עס פארמאגט נאך עפיס ביים דעם גרייטען רובל אונ מען עסט, פעהלט געלד הייבט מען אן צוביסלעך ווייז פאר־קויפען חפצים.

אזוינע אומגליקליכע קענען ניט פאלגען די אלע עצות פון אונזערע צייטונגען אונ פארשידענע פאלקספארזארגער, זיי ווייסען אונ פיהלען נאר איין זאך, אז כל זמן עס איז נאך דא א מזומן רובל אדער חפצים, וואס מען קאן נאך מאכען פון זיי א פאר רובל, דארף מען זיך דאטעווען ווי פון א שרפה אונ לויפען ווי די אויגען וועלען טראגען.

אונ מען פארקויפט דאס לעצטע; טאמער פעלט נאך צו דער הוצאה געבען קרובים אונ גוטע פריינד; „אויף איין אומגליק אונ אויף דעם רוח איז שטענדיג ביי א יודען דא געלד". אונ ווי אזוי עס איז פאהרען די דאזיגע עמיגראנטען אויף זייערע אייגענע הוצאות, זיי ברויכען ניט קיין קאפיקע פון פרעמדע הילף, זיי נייטיגען זיך נאר מען זאל זיי אנווייזען דורך וואסערען נאהנסטען וועג זיי דארפען פאהרען אין דעם ארט וואו א היין זיי עמיגרירען, מיט וועלכען צוג אונ מיט וועל־כער שיף איז בעסער צו פאהרען אונ אז ווען זיי שטעלען זיך אב אויף איין ארט אין מיטען וועג, דארף מען אויף זיי אין פרעמדען ארט אכטונג געבען, אז זיי זאלען ניט איבערצאהלען, מען זאל זיי ניט אבנארען אדער ביי זיי דאס געלד ניט צונעמען. מיט איין ווארט די דאזיגע עמיגראנטען נייטיגען זיך זעהר אין וועג־ווייזער, דאס הייסט, אז ווען זיי קומען אין א פרעמדע שטאדט זאלען זיי שוין געפינען אזוינע מענשען, וואס מען זאל זיי אנווייזען אויף אלץ, וואס זיי נייטיגען זיך.

אונז איז בעוואוסט, אז דורך ווארשא פאהרען דאס רוב אזוינע עמיגראנטען, דא אין אזא גרויסע שטאדט שטעלען זיי זיך אב צוזו־

גרייטען אלעס, וואס זיי ברויכען אין וועג אונ זיך אויף אפרוהען פון דעם וועג, אז מען זאל זיך קענען ווידער לאזען אין ווייטען שווערען וועג אונ מען ברויכט צו צוזעהן, ווי זיי לויפען ארום פון איינעם צום אנדערען אויספרעגענדיג, מיט וועלכען צוג צו פאהרען, פון וועלכען „פארט" זאל מען פאהרען, מיט וועלכע שיף, וויפיעל דארף מען ווארטען ביז די שיף געהט אוועק, וואס פאר נייטיגע זאכען ברויכט מען האבען אויף דעם וועג, וועלכע זאכען זענען איבעריג צו פיהרען אונ דעסטגלאכען אזוינע פיעל פראגען אונ אין אזא גרויסער יודישע שטאדט ווי ווארשא געפינט זיך קיינער ניט, וואס זאל זיי קענען אנווייזען אונ זיי ענטווערען ריכטיג אויף זייערע פראגען. די געציילטע וואס ענטווערען זיי יא, איז ניט דערפאר, וואס זיי ווייסען, נאר גלאט אזוי צוליב יוצא זיין, אבי צו פטרן פון זיך די דאזיגע אומגליקליכע.

אונ טאקי דא אין ווארשא, וואו זיי פארברענגען געוויינטליך עטליכע טעג צוגרייטענדיג זיך אין ווייטען וועג, זעהען מיר ווי זיי קאסט אלעס טייערער, פון סטאנציע ביז א דראשקע פון באהן אונ צום באהן, א סך טייערער וואס עס קאסט יעדען סוחר, וואס קומט קיין ווארשא האנדלען סחורה.

יעדער זאך מוז דעם אומגליקליכען עמיגראנט קאסטען אלעס צוויי אונ דריי מאל טייערער נאר דערפאר, וואס זיי ווייסען ניט, זענען קיין מאל אויף דער וועלט ניט ארויסגעפאהרען אונ האבען ביי קיינעם ניט צו פרעגען.

מיר ווייסען פון אזא צופאל, אז פאר א דראשקע פון טעראספאליער וואגזאל, וואס קאסט געוויינטליך 50 אדער 60 קאפיקעס, האבען די עמיגראנטען בעצאהלט 2 רובל. דאס זעלבע אויף די סטאנציעס (האטעלען), פארריקט מען זיי אין לעכער אונ זיי צאהלען ווי פאר גרויסע צימער.

אזוינע עמיגראנטען קאן מען ניט הייסען ווארטען ביז עס וועט אמאל ארגאניזירט ווערען קאמיטעטען מיט מיליאנען פאר עמיגראנטען, זיי קאנען ניט ווארטען ביז די עקספעדיציע וועט זיך אמאל אומקערען פון מזרח־אפריקא, וואו זיי וועלען האבען אויסגעפארשט דאס לאנד אוגאנדא.

אזוינע אומגליקליכע קאנען ניט ווארטען קיין יאהרען, אפילו קיין חדשים, זיי קאנען ניט איבערבלייבען קיין איינציגען איבריגען טאג, ווייל אין יעדען איבריגען טאג עסען זיי אויף א טייל פון די הוצאות אונ פון די עטליכע רובל, מיט וועלכע זיי קאנען זיך ארויסראטעווען פון זייער ביטערער לאגע אונ זיך אפשר אויף דער ערשטער צייט נאך האבען מיט וואס זיך אויסצוהאלטען אונ פארבעסערען זייער לאגע אויף דעם נייעם ארט.

אזוינע עמיגראנטען קאנען ניט אונ טארען ניט ווארטען, אונ קיינער טאר זיי ניט אבריידען אונ אבהאלטען פון צו עמיגרירען, ווייל דאס וואסער איז שוין ביי זיי איבער'ן מויל אונ מוזען מיט די לעצטע קרעפטען ראטעווען אונ קאנען זיך אפשר ווי עס איז פארבעסערען זייער לאגע.

אזוינע עמיגראנטען נייטיגען זיך ניט אין קיין גרויסע קאמיטעטען מיט מיליאנען, וואס וועט אמאל אפשר ארגאניזירט ווערען, זיי נייטיגען זיך ניט אין קיין פרעמדע הילף מיט געלד, נאר זיי נייטיגען זיך אין געוועהנליכע וועג־ווייזערס, דאס הייסט. אז ווען זיי קומען קיין ווארשא, קיין ליבוי, פאדוואלאטשיסק, ראדזיוויליגאוו, אלעקסאנדראוו אדער אין אנדערע שטעדט, וואס שטעהען ביי די פארטען אונ גרענעצען, זאלען זיי האבען ביי וועמען צו פרעגען אונ געפינען ריכטיגע תשובות, אין וועלכע זיי נייטיגען זיך אזוי שטארק.

צו אזוינע וועג־ווייזערס ברויכט מען ניט האבען קיין מיליאנען אפילו ניט קיין טויזענטער אונ הונדערטער. אין די פריהער דערמאנטע שטעדט ברויכט מען נאר אויסקלויבען פון די היגע איינוואהנער עטליכע מענשען, וואס זאלען זיין בעקאנט מיט אלע ענינים, וואס געהער זיך אן מיט עמיגראציע אונ דארף זיין שטענדיג גרייט צו דיענען די עמיגראנטען מיט א גוט ווארט אונ מיט א גוטער עצה.

אזוינע וועג־ווייזערס קענען אהן שום געלד ברענגען דערווייל,

# פעליעטאן.

## נאך דער חלוקה.

(א מעשה פון די רויטע יודלעך)

ארויסגעגעבען

פון

**שלום־עליכם.**

(פארטזעצונג).

ד.

— וואס וועט זיין דער תכלית? — זאג איך צו מיין ווייב נאכדעם אז מיר האבען ביידע נאך אמאל איבערגעציילט אונזער מאיאנטיק זיבעציג טויזענט קארבען, ווייל מיר זענען קיין עין הרע זיבען איהרע אונ גוט בעהאלטען אין קאסטען — היים חאטש שטעלען דעם סאמאוואר וועלען מיר טרינקען טיי, עס חלש'ט מיר דאס הארץ.

— נאפשיקלאר וועמען זאל איך הייסען? — מאכט צו מיר מיין ווייב — דעם שמש פון דער שוהל? דו האסט שוין פארגעסען אפנים, אז די מויד האט אונז אוועקגעווארפען אונ וויל שוין מעהר נישט דיענען אונ די קעכין אויך.

— די קעכין אויך?

— וואס דען? אלע האבען דאך גענומען פון דער חלוקה! אלע גלייכע מיוחסים!

— ווייסט דו וואס? — זאג איך — גיב דו אן דעם סאמאוואר אונ איך וועל איהם צעבלאזען.

— נאפשיקלאר מיט וואס זאל איך איהם, זאגט זי, אנגיסען? מיט מים אחרונים וואסער, צי מיט'ן פאר איאהריגען שניי? אז פון איינגעכטען אן קוק איך נישט אן דעם וואסערפיהרער אין די אויגען!

אונ אזוי ווי מיר רעדען דערזעה איך דורכ'ן פענסטער נחמן בער דעם וואסער־פיהרער פאהרען מיט א פעסל פונ'ם טייך; לויף איך ארויס צו איהם מקבל פנים זיין אונ וויל איהם אפשטעלען.

רב נחמן־בער; רב נחמן־בער; זייט זשע מוחל שטעלט זיך אפ א ווײלע, גיט אונז א פאר עמער וואסער!

— וואסער? אין טייך איז פארהאן גענוג! — מאכט ער צו מיר אונ קוקט אפילו נישט צו מיר אין ווינקעל אריין.

— וואס מאכט איהר חוזק, רב נחמן־בער? מע דארף שטעלען דעם סאמאוואר, נישטא א טראפען וואסער;

— אזוי? אט צעקראץ איך מיר די פיאטעס! — מאכט ער צו מיר

ביז די קאמיטעטן וועלען זיך אמאל גרינדען, גרויסע נוצען פאר די אומגליקליכע יודישע עמיגראנטען, זיי קענען פארשפארען זיי א סך געלד פון זייערע אזוי אויך געציילטע גראשענס, אויסגערעכענטע הוצאות, זיי קענען פארשפארען א סך יודישע טרערען און אומזיסטיגע יסורים, וואס די עמיגראנטען מיט ווייבער און קינדער ליידען נאר דערפאר, וואס ווען זיי לאזען זיך אין וועג ארויס זיי ווייטען וועג ניט וויסענדיג ביי וועמען צו פרעגען, ניט הערענדיג פון קיינעם קיין גוט ווארט בלאנדזשען זיי און דאס דאזיגע בלאנדזשען קאסט זיי איבעריג געלד, געזונט און גאנץ אפט דאס גאנצע לעבען.

אונזערע צייטונגען און אונזערע פאלקספארזאמלונגען האבען עפיס א מין שוואכקייט נאר רעדען און זיך נעמען צו גרויסע לאנג ווארטענדיגע זאכען און צו קליינע באלדיגע הילף, וואס מען קען טאקי אזוי רעדענדיג עס טון, דערויף זענען מיר שוואך.

ווען מיר וועלען זיך אויסלערנען טון פאר אונזער פאלק קלע־נערע זאכען קענען מיר אויך האפען צו ווערען פעהיג אויף צו טון אמאל אויך גרויסע זאכען.

זאכען, וואס מיר קענען גרינג אהן שום שוועריקייטען באלד טון פאר אונזער פאלק, טארען מיר ניט אפלעגען אויף מארגענדיגען טאג.

מיט דעם וועלען מיר פארשפארען א סך איבעריגע יודישע טרערען און יודיש ארים געלד, וואס גיסט זיך און שיט זיך אומזיסט.

---

# פאליטישע ענינים.

(די נייע וואהלען אין אמעריקא. — צוויי שיטות. — די סכסוכים אין איטאליע. — וואס איז די סבה פון די סכסוכים. — נייע מיניסטער אין אונגארן).

דער אמעריקאנישער פרעזידענט רוזעוועלט, וואס האט בע־קומען די פרעזידענטשאפט נאר אומגערעכט, נאכדעם ווי מען האט דעם פאריגען פרעזידענט מאק־קינליי אוועקגעהרג'עט, האט שוין גישט מעהר ווי א יאהר צו הערשען, נאך דעם יאהר וועט דאס אמע־ריקאנישע פאלק זיך אויסקלויבען א נייעם פרעזידענט אדער עס וועט ווידער אויסקלויבען דעם אלטען. רוזעוועלט האט זיך אין די איינציגע יאהר, וואס ער איז פרעזידענט זעהר בעליבט געמאכט ביים פאלק, ער האט מיט זיינע זעלטענע פעהיגקייטען און גוטע מדות בעוויזען, אז ער איז ווערט דעם כבוד, וואס ער האט בעקומען גאר אומגערעכט און מען מאכט שוין אין די פאראייניגטע שטאטען אין אמעריקא אלע הכנות איהם ווידער אויסצוקלויבען. נאר וועט מען איהם באמת טאקי ווידער אויסצוקלויבען איז שווער צו זאגען פאראויס.

אין אמעריקא קלויבט מען נישט א פרעזידענט ווער עס האט בעסערע פעהיגקייטען, בעסערע מדות, ווי, למשל, אין פראנקרייך, נאר ווער עס האלט פון די שיטה אין פיהרען די פאליטיק אין לאנד לויט ווי די מעהרערע צאהל פון דער מדינה.

מיר וועלען עס ערקלערען דייטליכער:

דאס פאלק אין אמעריקא צעטיילט זיך אין צוויי פארטייען: רעפובליקאנער און דעמאקראטען. די דעמאקראטען גהען מיט דער שיטה פון "פריי האנדעל — פריי ארבייט", דאס הייסט, מען זאל נישט ארויפלעגען קיין צאל אויף די סחורות, וואס מען פיהרט אריין פון אנדערע לענדער. די אמעריקאנישע פאבריקאנטען וואלטען דעריבער נישט געקאנט בעהויפטען קיין גוטען מקח פאר זייערע סחורות און וואלטען געמוזט שטענדיג קאנקורירען מיט די אויסלענדישע פאברי־קאנטען, זיי וואלטען דעריבער נישט געקאנט צאהלען קיין סך די ארבייטער, וואס ארבייטען אין זייערע פאבריקען און וואלטען זיי גע־צוואונגען, צו ארבייטען מעהר ווי 8 שעה אין טאג, און דעריבער מאכט זיך דארטען אפט סטאטשקעס. די רעפובליקאנער אבער ווילען, אז מען זאל אין אמעריקא נישט אריינלאזען קיין סחורות פון אנדערע לענדער און פארלאנגען, אז מען זאל אויף די פרעמדע סחורות ארויפ־לעגען א גרויסע אבצאהלונג, כדי די פאבריקאנטען אין לאנד זאלען קאנען פארקויפען מעהר זייערע סחורות און ממילא וועט שוין די

---

גאנץ בריידליך און מיט א געלעכטער: — אז מע וויל וואסער נעמט מען איין עמער אזוי ווי איך (דעם איך ציהט ער אויס אויף איין ארש־ין) און מען איז זיך מטריח צום טייך אזוי ווי איך, און מע פאר־קאטשעט די פאלעס אזוי ווי איך!...

איך קען נחמן־בער דעם וואסערפיהרער שוין עטליכע און צוואנציג יאהר, האב איך איהם נאך קיין מאל ניט געהערט רעדען מיט אזא טאן און מיט אזא ברייטקייט און מיט אזא נגון ווי איצט.

— הערסט דו? — זאג איך צו מיין ווייב, ס'איז א מאוס'ער עסק; מע בעדארף חאטש געהן קריגען א בולקע. איך וועל א שפרונג טון צום בעקער און דו זיי זיך מטריח אין מארק אריין נאך פלייש. גע־קומען צו שמואליק דעם בעקער, ער זיצט ניט ווייט פון אונז, און איך טרעף איהם ביים טיש מיט זיין גאנץ געזינדעל, מע זיצט, מע טרינקט טיי און מע שוויצט.

— א גוט מארגען, רב שמואל! זאג איך צו איהם.

— א גוט מארגען א גוט יאהר, וואס וועט איהר עפיס זאגען גוטס? — מאכט ער צו מיר עפיס זעהר אויפגעלעגט און בעט מיך אפילו ניט זיצען.

— איך האב אייך געוואלט בעטען, זאג איך, א פאר בולקעס, אדער קוילעטשלעך געפלאכטענע.

— האט קיין פאראיבעל ניט — מאכט ער צו מיר און ווישט זיך דעם שווייס מיט א יום־טוב'דיגער פעטשיילע — בולקעס האב איך פון מיינעטוועגען.

— וואס הייסט פון אייערטוועגען?

— אט דאס הייסט — זאגט ער — איהר ווילט בולקעס? באקט.

— איך וועל אייך גוט בעצאהלען, פרוב איך מיך אונטערקויפען מיט געלד.

— טאקי? — מאכט ער צו מיר מיט א שמייכעלי — איהר וועט מיר גוט בעצאהלען? דהיינו וועלכם ווערד אנגערופען ביי אייך גוט בע־צאהלען? אפשר וועל איך אייך גוט בעצאהלען און באקט איהר מיר בולקעס?

— ברוגז, זאג איך, בעדארף מען דא ניט זיין, דערווייל זענט איהר דאך א בעקער, און ביי א בעקער קויפט מען בולקעס...

— ס'איז אלץ געווען אמאל! — מאכט ער צו מיר מיט א שמייכעלי פון א שטאָרט בעל־הבית שבת נאכ'ן עסען און גלעט זיך די באָרד — אמאל בין איך געווען א בעקער און היינט בין איך אויס בעקער. אדיעו! לאזט דארטען גריסען אייער ווייב...

איך זאל ניט מורא האבען פאר קיין פעטש וואלט איך זיך אפגערעכענט מיט'ן דאזיגען בעקער דעם גראבען יונגאטש, ער זאל מיך האבען צו געדענקען! נאר ווי פאסט דאס פאר מיר, א נגיד פון זיבעציג טויזענט קארבען און א טאטענס אקינד דערצו זאל זיך אוועק שטעלען

לאנגע פון די ארבייטער אויך פארבעסערט ווערען. דער פרעזידענט קלעוולענד, וועלכער איז געוועזען פאר מאק־קינליי, איז אויך געוועזען זעהר א וויכטיגער מענש און מען האט איהם איינינע מאל אויסגעקליבען פאר א פרעזידענט, נאר ווייל ער איז געוועזען געגען די רעפובליקאנער האט מען איהם צום לעצטען מאל נישט געוועהלט. פון רוזעוועלט איז שווער צו וויסען מיט וועלכע שיטה ער האלט, ער האט נאך וועגען דעם קיינמאל זיין מיינונג נישט ארויסגעזאגט דייטליך. די רעפובליקאנישע שיטה האט ארויפגעלעגט צאל אויף פרעמדע סחורות, וואס האט אין איין ערך פון 7 יאהר זיך ארויסגעוויזען פאר נישט ריכטיג, און דאס אמעריקאנישע פאלק איז נישט איינינג וועלכע שיטה עס זאל האלטען און וועמען אויסצוקלויבען פאר א פרעזידענט.

אויך דאס איטאליענישע פאלק ווייסט נישט, וואס צו טון. זיי דארפען קיין פרעזידענט נישט קלויבען, אבער א מיניסטער־פרעזידענט דארפען זיי א נייעם, זאנערדעלי איז שוין צו אלט און קאן שוין די פאליטיק נישט מעהר פיהרען, ווי עס האט זיך אין די לעצטע צייטען ארויסגעוויזען; מיט אזא פאליטיק איז ניט צופרידען ניט דער קעניג, ניט דאס פאלק און אלע ווילען איצט מען זאל מאכען איין אנדער מיניסטער-פרעזידענט, וואס זאל פארשטעהן בעסער, ווי צו פיהרען די פאליטיק און צו האלטען די ארדנונג אין לאנד.

מיט דעם אלטען מיניסטער־פרעזידענט זענען די איטאליענער נישט צופרידען, אבער מיט דעם נייעם פאפסט זענען זיי שטארק צופרידען. זיי האפען, אז אין זיין צייט וועט שלום ווערען צווישען די מלכותא דארעא מיט די מלכותא דרקיע, צווישען די איטאליענישע רעגירונג און דעם וואטיקאן.

ווי עס איז בעקאנט האט דער יונגער איטאליענישער קעניג געמאכט וויזיטען באלד ווי ער איז ארויף אויפ'ן כסא המלוכה כמעט אלע אייראפייאישע מלכים, איהם האט זיך אויך געוואלט בעזוכען דעם פראנצויזישען פרעזידענט, וואו מען האט דאס איטאליענישע פאר זעהר גערן. נאר כל זמן עס האט נאך געלעבט דער אלטער פאפסט לעא דער דרייצעהנטער האט ער עס נישט געטאן, ווייל דער פראנ-צויזישער פרעזידענט האט איהם נישט געקאנט מאכען קיין נעגען וויזיט. פראנקרייך איז קאטוילליש און קאן דעם פאפסט, וועלכער איז נ'שט גורם, אז איטאליע איז א מלוכה, נישט אנטון דעם עגמת נפש און מאכען דעם איטאליענישען קעניג א וויזיט, היינט אבער, אז פאפסט איז פיוס דער צעהנטער, וועלכער איז פריינדליכער צו די איטאליענישע רעגירונג, האט קעניג וויקטאר עמנואל בעזוכט פראנקרייך און קירצליך וועט דער פראנצויזישער פרעזידענט לובע בעזוכען רוים און מאכען א וויזיט, ווי עס ווייזט אוים אויך דעם פאפסט, און דאס וועט, רעכענט מען, וויקען צו מאכען שלום צווישען מלכותא דארעא און מלכותא דרקיע.

אין אונגארן האט דער קייזער איבערגעבען דעם גראף סטעפאן טיסא צוזאמען צו שטעלען א נייע מיניסטעריום. אויב עס וועט איהם דאס געלינגען און אויב די נייע רעגירונג וועט מעהר גליק האבען ארדנונג צו מאכען אין אונגארן, איז א זעהר שווערע פראגע.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דער נעגוס (קעניג) פון אבעסיניע מענעליק האט ארויס געגעבען א בעפעהל, מען זאל פארבאטען דעם שקלאפען־האנדעל. אין בעפעהל שטעהט געשריבען בזה הלשון:

„שוין א לאנגע צייט פריהער האב איך שוין פארבאטען אין אלע מיינע מדינות צו האנדלען מיט מענשען פון דעם שבט האלא און ווער עס וועט דערויף עובר זיין וועט מען איהם אויסשליסען פון דער קירכע, נאר איהר האט נישט געוואלט אויפהערען צו מאכען פאר שקלאפען די מענשען פון האלא, געדענקט זשע, אז פון איצטער אן וועט ווער עס וועט האנדלען מיט שקלאפען נישט אבקומען מיט צאהלען שטראף, נאר ער וועט בעשטראפט ווערען מיט לייב־שטראף", (ווי אבהאקען די הענט אדער די פים).

— אין בעלגראד האט מען ארעטירט דעם קעניגס קאמערדינער

---

אויסטענען מיט אבעל מלאכה א בעקער? און איך טהו א קלאפ מיט דער טיר און גנעה אהיים.

אין דערהיים טרעף איך מיינע צוויי קלענערע קינדער נאר וואס געקומען פונ'ם חדר מיט א גרוקה: דער רבי האט זיי צעלאזט פריי אנגעזאגט זיי זאלען שוין מעהר צו איהם אין חדר אריין נישט קומען.

— וואס איז שוין? — זאג איך — איהר האט שוין עפים פארשטיפט א מעשה? זייט זיך מודה, ווארום אט גיב איך אייך פעטש ווי האלץ!

— מיר האבען נישט פארשטיפט, זאגען זיי, קיין שום מעשה. דער רבי האט אונז נאר געזאגט, אז מיר זענען שוין ניט מעהר זיינע תלמידים און ער איז ניט אונזער רבי, אויב מיר ווילען, זאגט ער, לערנען, זאל דער טאטע אליין זיך מטריח זיין מיט אונז קנעלען... און דאס שכר למוד, זאגט ער, וואס איהם קומט, זאל מען דאס אוועק־שענקען אויף ארימע לייט...

דאס האט מיך שוין אזוי פארדראסען, אז איך האב געכאפט דאס שטעקל און בין ארויסגעלאפען אין דרויסען און האב מיך גע־לאזט גיהן אין שטאדט אריין זעהן, וואס טוט זיך אויף דער וועלט ווי אזוי איז ביי לייטען, און אזוי ווי איך גנעה, באגעגען איך ווידער אמאל רב מאיר־בעל מח מיט א בארעמעק האלץ אויף די פלייצים.

— וואס איז דאס — זאג איך צו איהם — אליין?

— אליין, וואס דען? מאכט ער, איך האב דאס קוים געקריגען, אויסגעוויינט. אצינד בעדארף מען נאך גיהן קריגען מעהל און זיך באקען ברויט. נוט דערלעבט. הא? ווארט צו אביסל, דאס איז נאך נאר ניט; אט וועט איהר זעהן וואס וועט נאך זיין! בלוט וועט רינען אין די גאסען! בלוט! בלוט!

„א חקרן רעדט נאר אנדערע ווערטער, ער זאגט נאר נביאות! — אזוי טראכט איך מיר און עס קריכען מיר אין קאפ אריין אלערליי אומעטיגע מחשבות און פארשטערען מיר די שמחה מיט'ן פארגניגען פון די זיבעציג טויזענט קארבען, וואס איך פארמאג אצינד. איך צע־טרייב די מחשבות ווי ווייז מעגליך, נאר זיי הערען נישט אויף צו קריכען אין קאפ אריין, ווי זומערפליגען—און איך לאז מיך גיהן ווייטער.

ה.

אויף דער גאס דרעהען זיך ארום אונזערע רויטע יודלעך אלע שבת'דיג אנגעטאן—אלע נייע אויפגעקומענע נגידים, נאר אלע אנגע־ברונז'טע, בלאזען זיך ווי חתנ'ס צר, דער עולם עפים שושקעט זיך, וואר־טשעט, מע רעדט איינס אויפ'ס אנדערע לשון הרע.

— געפעלט אייך אביסל אונזער נייער נגיד? — מאכט איינער צום אנדערען און ווינקט אן א זייט.

— פסנו! — מאכט דער אנדערער און איז אזש גרין פאר קנאה, און בכדי מע זאל זיך צעשלאגען אביסל די געדאנקען דערציילט איטליכער בעזונדער איין אנדער אנעקדאט, ווי אזוי דער שכן זיינער

אנטאן קאך, א געבארענער אין שווייץ, דערפאר, וואס ער האט בע־ראבעוועט כמעט אלע טייערע זאכען, וואס האבען געהערט דעם קעניג אלכסנדר.

— דער סערבישער קעניג פעטער האט בעזוכט דעם פאלקאווניק מאשין, און איהם אליין מודיע געוועזען, אז ער האט איהם בעשטימט פאר דעם קאמאנדיר פון דער בעלגראדער דעוויזיע, א גרויסער טייל פון דעם סערבישען פאלק איז זעהר אומצופרידען, וואס מען גיט איינעם פון די הויפט רוצחים פון אלכסנדר אזא גרויסען כבוד.

— פון וולאדיוואסטאק שרייבט מען, אז א ראנק די ריכטיגע און שטרענגע פאליטיק פון דעם נאמעסטניק איבער דעם "ווייטען מזרח", איז אפגעשאפט געווארען אלע סבות, וואס קענען ברענגען א מלחמה צווישען רוסלאנד און יאפאניע.

— אין פעטערסבורג גרינדעט זיך א חברה מיט דעם נאמען "התקרבות", וואס האט דעם צוועק אויסצולערנען די מנהגים און מדות פון די נישט רוסישע נאציאנען, וואס געפינען זיך אין רוסלאנד.

— ווי די בערלינער בלעטער שרייבען געפינט זיך איצט דער חינעזישער געזאנדטער אין העסען, וואו ער פארהאנדעלט מיט דער הארמאטען־פאבריק "קרופ" אנצוגרייטען פאר חינא א גרויסע צאהל הארמאטען.

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד דער "וויעסני יוגא" מעלדעט, אז אין פאלטאווא האט מען ביי די לעהרער פון דער יודישער תלמוד תורה און די משגיחים אויף דער רוסישער־יודישער ביבליאטהעק גענומען אונטערשריפטען, אז זיי וועלען מעהר נישט זיך בעמיהען אין די שולען און ביבליאטהעקען צו ענטוויקלען די נאציאנאלע אבזונדערונג פון די יודישע יוגענד.

— פון קיוב שרייבט מען, אז די בקשה פון דעם הארטיגען "גאלאווא" פון דעם מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג, מען זאל אין דער קיעווער אוניווערזיטעט אננעמען 22 יורען מעהר ווי די געוועהנליכע צאהל, איז אנגענומען געווארען.

— אין סאסנאוויצע האט מען צוזאמענגענומען פאר די פארוםגליקטע יורען אין האמעל ביז 100 רובל.

— דער פאלטאווער רב אליהו עקיבא ראבינאוויץ און דער רב פון גראדנא זאב מרגליות האבען בעקומען איין ערלויבעניש צו מאכען איין אספה פון רבנים אין גראדנא. דער צוועק פון דער אספה איז זיך צו האלטען איין עצה וועגען אזוינע זאכען, וואס זענען נוגע דעם כלל ישראל. וועגען דער דאזיגער אספה שרייבט מען דעם "הצפירה" פון פאלטאווא, אז דער הויפט־צוועק פון דער אספה איז צו זיין געגען דעם ציוניזם און דעריבער האט דער פאלטאווער מ"ץ גערופען צו דער אספה נאר אזוינע רבנים, וואס זענען בעקאנט פאר געגנער פון דעם ציוניזם. נאכדעם וועלען די דאזיגע רבנים צושטעלען זייער מיינונג וועגען ציוניזם וואו עס איז נייטיג, אלס די בעשטעטיגונג פון די רוסישע רבנים.

— דער "סיעוו. זאפ. קראי" שרייבט, אז דעם ערשטען טאג ראש השנה האט א קריסטליכער צירולניק אין גראדנא אריינגעפיהרט צו זיך אין שטוב א יודישען יונגל אהאלב־שטומען און אידיאט און האט איהם מיט דער שער געמאכט א צלם אויפ'ן קאפ. דעם יונגל האט מען געבראכט ביין פאליציימייסטער, וועלכער האט עס באלד צו וויסען געגעבען דעם גראדנאר גובערנאטאר, ביז עס איז אנגעקומען צום גע־נעראל גובערנאטאר אין ווילנא, און דא נישט לאנג איז געקומען א בעפעהל פון גענעראל־גובערנאטאר מען זאל דעם צירולניק ארויסשיקען פון גראדנא.

— דער דירעקטאר פון חארקאווער אוניווערזיטעט האט צוגעזאגט צו בעטען ביי דעם מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג, מען זאל ערלויבען צוצונעמען אין דעם חארקאווער אוניווערזיטעט 15 יורען מעהר ווי די געוואהנליכע צאהל.

— אין דער בראשור'ע "רשימת החברים", וואס דער אדעסער קאמיטעט פאר פאלעסטינא האט אונז צוגעשיקט, דערוויסען מיר זיך, אז פאר דעם יאהר 1902 האט דער קאמיטעט געהאט א הכנסה פון 50,007 רובל.

— דער יודישער סטודענט דאשעווסקי, וואס איז אין נאם מיט א מעסער אנגעפאלען אויף דעם רעדאקטאר פון "זנאמיע" און מען האט איהם דערפאר אבגעמשפט אויף פינף יאהר ארעסטאנסקע ראטע", האט דערלאנגט איין "אקאסאציע" אין סענאט, דער סענאט האט אבער די אקאסאציע נישט אנגענומען.

— דעם 6 נאיאבער וועט זיך אין קישינוב אנהויבען די משפטים וועגען קישינובער פאגראם און וועט רויערען ביז דעם 23 דעקאבער.

---

איז געקומען אהיים מיט'ן געלד, געהאפט דאס ווייב און געגאנגען א טענצל, שיער ניט משוגע געווארען פאר פרייד! דער אנדערער דער־ציילט נאך א שענערען אנעקדאט, ווי אזוי זיינער א באקאנטער, ער וויל ניט פורש בשמו זיין, איז געזעסען א גאנצע נאכט ביז'ן ווייסען טאג אריין און האט נישט אויפגעהערט צו ציילען נאך א מאל און נאך אמאל דאס געלד וואס ער האט געבראכט אהיים און ווי אזוי ער שטעלט זיך אפ איטליכם מאל און טוט זיך א קנייפ ביים לייב און א זאג צום ווייב: "שרה זיסל! ווי מיינסט דו, איך שלאף?"...

דער גאנצער עולם שיסט אוים בלומרשט א געלעכטער, נאר מע זעהט אז סע איז פאלש: עס לאכט זיך עפים ניט אזוי ווי עס דארף צו זיין. איטליכער פיהלט אז עס געפעלט איהם עפים אינוויינינג, נאר ארויסזאגען קאן ער ד'ים ניט.

— געהערט א מעשה? — רופט זיך אן איינער א יונגערמאנטשיק מיט א זיידענעם קאשקעט און קראצט זיך אונטערען קאלנער — שמעון אלי דער שוחט וויל ניט קוילען.

— וואס הייסט ער וויל ניט קוילען? — מאכט א יוד א נגיד מיט א בייכל, וואס הענגט איהם אראפ און ער מוז דאס האלטען אונטער־געבונדען מיט א גארטעל—וואס הייסט ער וויל ניט קוילען? — אט דאס הייסט! — מאכט דער יונגערמאן מיט'ן קאשקעט — ער איז שוין, זאגט ער, אוים שוחט, ער פארמאגט שוין איצט זיינע דרייסיג טויזענט קארבע!

און קוילעט נאר פון ויינעטוועגען.

— דו מאכסט זיך נאריש! — זאגט דער יוד און ציהט ארויף דאס בייכל מיט ביידע הענט.

— ווי א יוד איך בין! — מאכט דער יונגערמאן — מיין שווינער האט געשיקט צו איהם דאס מיידל מיט עופות האט ער ארויסגעטריבען דאס מיידל מיט די עופות.

— דאס איז נאך בלאטע! — רופט זיך אן איין אויסגעדארט יודל, נעביך א קראנקער — איך האב מורא מיר וועלען אלע אויסגעהן פאר הונגער.

— פאר הונגער? וואס איז פאר א הונגער אויף אייך?

— וואס הייסט וואס איז? אז די קצבים ווילען ניט שעכטען, נישט געפעגט אפילו היינט די יאטקעס.

— נעהט שוין נעהט!

— איך זאל אזוי האבען הצלחה בכל אשר אפנה.

— איהר זאגט קצבים? למאי בערע ברענבוך דער בעדער וויל נישט הייצען די באד?

— א נייער נגיד אין שטאדט—בערע ברענבוך! חא־חא! צווישען עולם ווערד בלומרשט א געלעכטער.

— א שיינער געלעכטער! — רופט זיך אן פארביילויפענדיג א יונ־גערמאן מיט איין איבערגעשראקען פנים—לאכט־לאכט, אויסוואכסען א

דער ערשטער משפט וועט זיין וועגען די ערמארדונג פון באראנאוויטש, נאלאנטער, דראחמאן, קאנטאר און רויזע קאצאפ. אין דעם משפט געפינען זיך 37 בעשולדיגטע, צווישען זיי 8 וועלכע זענען בעשולדיגט וועגען רציחה.

עסטרייך־אונגארן. פון קאנסטאנטינאפאל שרייבט מען, אז דארטען געהט ארום א קלאנג, אז ד״ר הערצל געפינט זיך אין דער שטאדט שוין איינינע טעג. פון בערלין ווידער שרייבט מען, אז ווי עס ווייזט אוים איז נישט ריכטיג די ידיעה, אז ד״ר הערצל איז גערופען געווארען נאך קאנסטאנטינאפאל. אין די בריף, וואס ד״ר הערצל האט געשריבען צו זיינע פארטרויטע בעקאנטע איז פון דעם קיין ווארט נישט דערמאנט. ביז דעם ערשטען אקטאבער איז הערצל געוועזען נאך אין וויען, אנדערע מעלדען, אז ד״ר הערצל איז גערופען געווארען נאך פעטערס־בורג. דער „הדגל" שרייבט, אז מען ווארט אין לאנדאן אויף הערצל'ס קומען, די חברים פון דעם-קליינעם אקציאנס־קאמיטעט און די דירעקטארען פון באנק וועלען אויך זיך אויפהאלטען א קורצע צייט אין לאנדאן וועגען דער אוגאנדא־פארהאנדלונג.

דייטשלאנד. לויט די ערלויבניש פון דער דייטשער רעגירונג, וועלען אין דער עקספעדיציע, וואס וועט געהן קיין אוגאנדא טייל נעמען פיער דייטשע ספעציאליסטען, וועלכע האבען שוין גענומען איין אנטייל אמאל אין דער עקספעדיציע, וואס די דייטשע רעגירונג האט אמאל געשיקט אוים צופארשען מזרח אפריקא, כדי דארטען צו מאכען דייטשע קאלאניעס. אלע מיטגלידער פון דער עקספעדיציע וועלען געהן קיין אוגאנדא ענדע נאוועמבער און וועלען זיך דארטען אויפהאלטען 7 חדשים.

— דער 7־טער ציוניסטען־קאנגרעס וועט זיין אין איגוסט 1904 אין באזעל אדער אין האאג, און אויף דעם קאנגרעס וועט די אוגאנדער עקספעדיציע פארטראגען דעם רעזולטאט וועגען אוגאנדא.

— דעם „דיילי עקספרעס", וואס געהט ארוים אין לאנדאן, שרייבט זיין קארעספאנדענט אוים בערלין: פון א זיכערע קוועלע האב איך זיך דערוואוסט, אז א געוויסע אייראפייאישע רעגירונג, האט בדעה צו געבען די יודען, וואס געפינען זיך ביי איהר אין זעהר א גרויסער צאהל, א שטיק לאנד זיך צו בעזעצען און פיהרען דארט איין אויטאנאמישע הערשאפט. זי וועט עס אבער נישט אפיציעל פארשלאגען, איידער זי וועט וויסען די מיינונג פון דעם אקציאנס־קאמיטעט.

פראנקרייך. איינינע פראנצויזישע בלעטער שרייבען, אז אין דאס קריגס־מיניסטעריום זעהט מען איצט איבער די דאקומענטען, וואס האבען א שייכות מיט דרייפוסעס משפט און מען רעכענט, אז מען וועט איהם איבערמשפטען.

ארץ־ישראל. אין ירושלים האט זיך געגרינדעט איין אקציען־געזעלשאפט צו בויען פאבריקען צו מאכען פארשידענע וועב־ארבייט.

— נישט ווייט פון דער ירושלימ'ער פארשטאדט „מאה שערים" האט די רעגירונג געעפענט א בעזונדערע פאסט פאר יודען און די מארקען האבען אויף זיך דעם שטעמפעל ירושלים מיט יודישע אותיות.

---

## ר' משה ליב ליליענבלום.

דיענסטאג כ"ט תשרי האט מען אין אדעסא געפייערט דאס 60 יעהריגע יובילייאום פון דעם בעריהמטען יודישען שרייבער משה ליב ליליענבלום.

ר' משה ליב ליליענבלום איז געבארען כ"ט תשרי תר"ד (דעם 10 אקטאבער 1843) אין קיידאן, א קליין שטעדטל אין קאוונער גובערניע. די ערשטע יודישע בילדונג האט ער בעקומען פון זיין זיידען (די מוטערס פאטער), וועלכער האט מיט איהם געלערנט תנ"ך און דקדוק און איהם נישט געלאזט לערנען קיין גמרא, ביז ער וועט נישט האבען א געוויסע ידיעה אין תנ"ך. פון זיין 12 ביז 14־טען יאהר האט ער געלערנט אין א ישיבה אין קיידאן, צו 15 יאהר האט ער געלערנט אין ווילקאמיר. וואו ער האט דעם איינענעם יאהר חתונה געהאט און האט אנגעהויבען לערנען פאר זיך אהן א רבי'ן און בים־לעכוויז אריינקוקען אין אנדערע מיני ספרים ווי דעם רמבמ'ס און אברבנאל. צו 21 יאהר איז ער געווארען א ראש־ישיבה אין א בית־המדרש און צו 22 יאהר האט ער אנגעהויבען זיך פארנעמען מיט דער העברייאישער ליטעראטור און אויף זיין ערשטען שיר האט ער זיך געחתמ'עט „מורה לבני ישיבה בווילקאמיר".

---

געלעכטער אויפ'ן פופיק!... א שטאדט סאמע נגידים!... נישט טון פון דאנען אהין!... נישט צו קריגען אין ערגעץ א פוהר!... בעלי עגלות ווילען ניט פאהרען!... אט דארף איך פאהרען צום באהן ווי אין לעבען אריין, אפפיהרען א קינד צום דאקטאר... כ'האב מורא איך וועל מוזען געהן צו פים צום באהן.

— צום באהן? — טוט זיך איינער א זאג פארביינעהענדיג — איך וויים נאר ניט צי עס געהט ערגעץ א באהן...

— א משל! איין עק הייסט דאס? די וועלט האט זיך אוועק־געשטעלט?

— זאלט איהר טאקי וויסען!

מיט א פאראומעטיגט הארץ לאז איך מיך געהן ווייטער און הארך אלע מאל אלץ ערגערע בשורות, מאדנע דבורים, פארשידענע מימרות, און זעה פאר זיך סצענעס איינע טרויריגער פון דער אנדערער, דא געהט א מוטער, ברעכט די הענט: די זינגערין האט זי אוועקגעווארפען, איבערגעלאזט איהר א ברעקעלי קינד אויף די הענט און זי ווייסט ניט וואס מע טוט!... דארט לויפט א יונגערמאן טוידט ווי דער טוידט: דאס ווייב געהט ביי איהם צו קינד, און נישטא קיין אקושארקע, חאטש לעג זיך און שטארב!... דא שטעהט א יוד פארוויינט, ס'איז ביי איהם געשטארבען היינטיגע נאכט איין אלטער פאטער און מע דארף איהם באהאלטען איז נישטא ווער ס'זאל באהאלטען. „וואס הייסט? נו און חברה קדישא?" „וואס מיר חברה קדישא? אז ס'איז נישטא קיין שמשים! קיינער וויל זיך ניט ריהרען פונ'ם ארט!... און דארט שטעהט א יוד פאר־זארגט: ער מאכט היינט חתונה א שוועסטער, דארף שטעלען א חופה, איז ניטא ניט קיין כלי־זמר, ניט קיין סארווערס, ניט קיין שמש, ניט קיין חזן—א ריינער אומגליק!... און דא קלאגט זיך איינער אויף דער פאסט: ער איז געגאנגען אפנעמען זעהר א נייטיגען בריף פון זיינעם א ברודער, איז נישטא קיין לעבעדיגער מענטש אויף דער פאסט? דער האלט אין מיטען בויען זיך א דירה, האבען איהם די בעלי מלאכות אוועק געווארפען אין מיטען דער ארבייט, און יענער האט א גרויסע פאבריקע, האט ער זי געמוזט צומאכען! הכלל מען הערט נאר צרות און צרות און צרות!

„רב מאיר, חאטש מע רופט איהם ביי אונז „בעל מח" בלשון סגי נהור, איז אפנים גאר נישט אומגערעכט, וואס ער זאגט, אז מיר זענען אלע אויף צרות — אזוי טראכט איך מיר און לאז מיך געהן צו איהם אהיים, הערען וואס וועט ער עפים זאגען אויף ווייטער, און אינוויינינג אינטערען לעפעלי פיהל איך ווי עפים זוינט מיך און נאגט מיך, טאקי נאר ווי ווערעם עסען מיך...

ענדע קומט.

וועגען זיין מאמר „נוספות להמאמר ארחות התלמוד", וואס האט שוין געשמעקט אביסל מיט אפיקורסות, האט ער בעקומען די ארטא־דאקסישע יודען פון זיין שטאדט פאר שונאים און איז דעריבער, לויט די עצה פון דעם ד"ר שאפיר אויס קאוונא געפאהרען אין יאהר 1870 אין אדעסא זיך דארטען צו צוגרייטען אנצוקומען אין אוני־ווערזיטעט, ער האט אבער דארטען קיין הילף נישט בעקומען און איז געווארען א לעהרער. אין 1871 האט איהם דער פארשטארבענער צעדערבוים צוגענומען צו רעדאגירען דאס זשארגאנישע בלאט „קול מבשר", וועלכע ער האט נאר ביז נומער 22 רעדאגירט, ווייל ער האט זיך נישט געקאנט שטימען מיט צעדערבוימען. אין 1872 האט ער בעקומען א שטעלע אין א געשעפט, וועלכע האט זיך נאך אנדער־האלבען יאהר פארמאכט און ער האט געמוזט ווידער ווערען א לעה־רער. אין 1877 האט ער זיך אנגעהויבען לערנען בוכהאלטעריע. שפעטער האט ער זיך ווידער פארנומען מיט צוגרייטען זיך צום אוני־ווערזיטעט. נאר אין יאהר 1881, ווען עס האבען זיך אנגעהויבען די פאגראמען, האט ער דאס לערנען אוועקגעווארפען און האט זיך אין גאנצען איבערגעגעבען צו חבת ציון.

ליליענבלום האט געשריבען דאס רוב מאמרים זיינע אין „השחר", א געוואלדיגען רושם האבען געמאכט זיינע מאמרים, אין וועלכע ער פאדערט תקונים בדת. דעם גרעסטען רושם האט געמאכט זיין ספר „חטאת נעורים", אויף וועלכען ער שרייבט זיך אונטער מיט דעם פסעוודאנים „צלפחד בר חושים התחוי". ליליענבלומ'ס מלחמה געגען די ארטאדאקסען האט ארויסגערופען א גאנצע מחנה שרייבער אויף זיין זייט און דער פארשטארבענער ר. א. ברוידעס האט איהם גענומען אלס העלד אין זיין ראמאן „הדת והחיים".

אויך אלס חובב־ציון האט ער פיעל געווירקט און נישט לאנג האט ער אבגעדרוקט 2 ספרים „דרך תשובה" און „דרך לעבור גולים". ליליענבלום האט אויך געשריבען פיעל אין די רוסישע און זשאר־גאנישע בלעטער און רעדאגירט דעם ערשטען סבארניק אין זשארגאן „דער וועקער".

ליליענבלום איז פון די געצייהלטע יודישע שריפטשטעלער. וועלכער איז בעליעבט ביי אלע קלאסען פון יודישען פאלק און וואס ליליענבלום זאל נים שרייבען וועט איהר דארט געפינען א סך ליבע צו זיינע ברידער.

מיר ווינשען דעם פון אלע בעליבטען שריפטשטעלער נאך א סך יאהרען ארבייטען פאר זיין פאלק, וועלכעס ער האט אזוי ליב.

---

## די מזרח־אפריקאנישע פראגע.

די צייטונג דער „טאג" ברענגט א בריף פון ד"ר א. פרייס, אין וועלכען דער ד"ר ווייזט אויף, אז די אלע מעלות, וואס זענען אויס־גערעכענט אין די ענגלישע בלעטער וועגען מזרח־אפריקא, זענען געשריבען געווארען מיט א כיון, בכדי צו געבען חשק דעם פאלק זיך דארטען צו בעזעצען. ענגלאנד האט צוגענומען דאס שטיק לאנד און ווייסט נישט וואס צו טון דערמיט. די אונגאנדער אייזענבאהן האט איהר אבגעקאסט מעהר אלס הונדערט מיליאנען און עס ברענגט איהר גאר נישט איין. דאס פאלק לאזט זיך אבער נישט פארנארען און וויל זיך דארטען נישט בעזעצען, און נאך אלע גליקען, וואס ענגלאנד זאגט צו געבען די, וואס וועלען זיך דארטען בעזעצען, געפינען זיך דערויף קיין בעלנים נישט און מעהר ווי 1,500 ווייסע זענען נאך דארטען דערוויייל נישטא. איצט וויל ענגלאנד פרובירען דארטען בעזעצען די יודען, אפשר וועלען זיי איהר מאכען פאר א געבענשט לאנד. א געוויסער ד"ר הערצקא אויס וויען האט אין יאהר 1891 געפרובירט דארט צו גרינדען א קאלאניע, וואס זאל זיין איינגעארדענט נאך דער סאציאליסטישער שיטה און האט באלד געזעהן, אז מזרח־אפריקא איז נישט קיין ארט דערצו. צולעצט ווא־רענט דער ד"ר פרייס די אנפיהרער פון די ציוניסטען, זיי זאלען זיך גוט ארומקוקען איידער זיי געהען דארטען גרינדען קאלאניעס פאר יודען.

ווען אפילו דער ד"ר פרייס זאל האבען, איבער וואס עס איז פאר א סבה, אביסל מגזם געווען אין זיין בריף, זיין עצה אבער צו זיין פארזיכטיג דארף מען א ודאי פאלגען.

---

## אויף כטעות'ען און אויף דער אמת'ן

### אדער

### א כלה און צוויי חתנים.

א דאס האט מיר אמאל א לעהרער פון זיך דערצייהלט, געמיינט דערמיט ביי מיר נושא חן צו זיין. ער איז א גאנצער יא טעבע דאס פון צעהן רובל איין אוראק און רופט זיך בארים מאיסייעוויץ זילקאווסקי.

אזוי ווי איינער פאהרט אריין מיט'ן דישעל, האט ער ביין ערש־טען פאפיראס אנגעהויבען: דאס האט זיך געטראפען אין א שטאדט, וואס איך קען. דאס מיידל האב איך אויך געקענט; זי איז געווען א שווארצחנ'עוודיגע און איז אלעמען געפעלען; מיר אויך א ביסל, מיין טאוואריש שימחאוויץ גארניט צו זאגען. ער איז אבער בטבע א גרוי־סער שלימזלניק אין ענין פון ליבע. פון דעסטוועגען הערט ער ניט אויף אלע מאל איין התחלה צו מאכען. אז ער האט אלע מיידלעך ליב, וואס ער זעהט זיי. נאר קאן מען ביי זיי קיין מאל קיין עק ניט דערגעהן; זאגט ער עפיס לאכען זיי. און אז ער שטעהט שוין יא אויף א שטיקל לאט, קעהרט מען איבער דעם שמוים, און ער איז פון יע־נער זייט טיר... ער מיינט עס אלע מאל אין הארצען אויף דער אמת'ן און ער טראכט ביי זיך: ס'איז סקוטשנא, אז מע האט ניט וועמען ליב צו האבען. געה זשע, טו מיט זיך גלאט אזוי א שידוך, ווי פאסט דאס עפיס היינטיגע צייט. האט ער שוין יא איינע ליב וויל זי גארניט. זאגען זאגט זי דאס אפילו ניט אזוי אקוראט, פארקעהרט, בשעת זי זידעלט זיך מיט איהם, בעט זי איהם, ער זאל צו זיי קומען; קומט ער, איז מען דאכט זיך פריילך, מע גיט זיך א דרעה, א שפרונג, אבער דאס הארץ זאגט, אז דאס מיינט מען גארניט איהם... אי פארוואס איין אנדערען יא און איהם ניט, א דאס איז טאקי די גרויסע שאלה. און ווען ער פלעגט צו מיר אריבערקומען נעמען א בוך, האט ער ליב אין דעם דאזיגען וואפראס מיט מיר צו קלערען. „גאנטשאראוו, זאגט ער, האט געהאט אין דעם ענין א שטארקען קוק". זאג איך צו איהם: „אז דו וועסט אפילו נאך צעהן מאל ליינען, וועסט דו נאך תמיד דעם תוך ניט וויסען". זאגט ער צו מיר: „איין מאל מוז מען דאך וויסען". ענטפער איך איהם: „א דאס איז דער חסרון, אז דו וועסט קיין מאל ניט

וויסען, ווען דאס אײנע מאָל איז". „חַקְרְנ'ען אַהין און אַהער, הַאפּט ער זיך ביים לאַפּ, הײנטיגען זומער מוז ער ווערען א חתן, ווען עס זאל איהם קאָסטען דאס לעבען". „נא, דו וועסט נאך דעם ווינטער אויך דערלעבען; אָבער איך בעט זיך, האָב אויף מיר רַחמנות און שפּרינג ניט אַרײן אין א מולטער". אַזוי זענען מיר זיך צעגאַנגען. איך האָב איהם ניט געזעהן אַ חודש כּסדר. איך האָב מיך אַפילו געפרעגט: וואס דאַרף איך איהם האָבען? אַז ער קומט ניט, זאל ער ניט קומען.

ער איז אָבער יאָ געקומען. אין דער פריה איז דאס געווען. איך בין נאך געלעגען אין בעט. ער שפּרינגט אַרײן מיט א פרייד: פּאַני'ע זילקאָווסקי, איך האָב עס! — וואָס האָסט דו? — קוק מיך אָן און טרעף! — איך וויל ניט טרעפען, אַז דו ווילסט, דערצײהל. — דו זאָלסט עס טאַקי תּכף וויסען, איך בין שוין ווי אַ שטיק חתן. — וואָס הייסט א שטיק? — וואָס איז דאָס פאַר א פרעגע, פרעג מיך בעסער איבער דעם מײדל. — דאָס מײדל איז מסתּמא אַ שײנע. — א שײנע! מענש אײנער, א קראַסאַוויצע, איך האָב זי שרעקליך ליב. — איז דאָך גוט. — א שאלה! — וואָס זשע טראַכסט דו צו טון? — וואָס זאל איך טון? — איך קום אַלע טאָג נאַכ'ן עסען אַהין און רעדט. — וואָס זשע וועט זײן דער סוף? — דער סוף וועט זײן, איך וועל זי נאָך מעהר ליב האָבען, איך זאָג דיר, זי איז גאָר וואַרשאַווער, אײן אַנטיק. — איז זי א הויכע? — יאָ. — א ברונעטע? — פֿון וואַגען ווײסט דו? — ווילסט דו זי מיר ווײזען? — א ודאי, א דאָס בין איך טאַקי צו דיר געקומען. — שוין הײנט? — פאַרוואָס ניט הײנט? לאָמיר הײנט אַהינגעהן נאַכ'ן אָנבײסען. — איך זאָג דיר, שׂימחאָוויץ, זאָג איך צו איהם פלוצים, פאָלג מיך, נעם מיך ניט מיט. — ביזט דו משוגע? איך וויל זי דיר אָבער ווײזען. — לאָז אַזוי זײן, אַז דו ווילסט.

דעם אײגענעם טאָג זענען מיר אַהינגעגאַנגען. איך האָב אָנגעטאָן דעם סורטוק. טאַקי באמת אַ שײנע באַרישניע... אין דרײ טאָג אַרום זענען מיר דאָרט נאָך אַמאָל געווען. די אַנדערע וואָך אַלע טאָג.. מיר דאַכט זיך, זי האָט שׂימחאָוויץ'ן גאַרניט ליב. וואָס זשע טו איך דאָ? מענש, איהם ניט און דיך יאָ, אַזוי איז די מעשׂה. דאָס איז גאָר נישקשה. איך זאָג צו רעבעקאַ דאַווידאָוונאַ אײנמאָל: וואָס האַלט איהר פון איהם? — גאָרניט האַלט איך פון איהם. — וואָס זשע טויג אײך די מחותנ'שאַפט? — מחותּנים זענען מיר גאָרניט, אָבער אַז ער קומט און ברענגט מיר ביכער צום לײענען, וואָס אַרט מיך דאָס? — ער האָט אָבער אַ גוט האַרץ, איך קען איהם גוט-האַרץ, וואָס טויג מיר דאָס, אַז דער גאַנצער מענש איז בסך הכּל א נאַר. אַזוי זענען מיר געזעסען בנעימות און האָבען אונז גערעדט. ער איז געווען איבער-גליקליך, אַז ער האָט געזעהן אַז זי געפעלט מיר. פאַרוואָס ניט א שײן מײדל, נאָך מײן גוסט. וואָס טויג זי שׂימחאָוויץ'ן? — איך וויל אײך דערצײהלען בקיצור. ניט ער איז געוואָרען דער חתן, — צו מיר האָט מען געשיקט.

ם. י. בּערדיטשעווסקי.

---

# פונקען.

I.

א ווינט א בײזער ברומט און ברומט:
דער ווינטער קומט, דער ווינטער קומט!
דער וואַלד שטאַרבט אָב, דער וואַלד ער שטומט,
דער הימעל איז שוין שוואַרץ.

אַ שוואַרצער וואָלקען ציהט זיך מיד,
עס שרײט דער „קראָ", דער ווינט זינגט מיט,
א טרויעריגע ווינטער-ליעד
וועבט זיך שוין אין מײן האַרץ...

II.

ווען א קאַלטער ווינט וועט ברומען,
אַלץ וועט שוידערן פון קעלט
אין דײן אָרימען געצעלט —
זאָלסטו צו מיר קומען.

הײסע פונקען, וואַרמע פונקען,
וועלכע לעשען זיך ניט אויס,
וועלכע פליהען ניט אַרויס,
זענען אין מײן האַרץ פאַרזונקען.

ווען דער ווינט וועט יאָגען דיך,
קאַלט וועט זײן דאָס לעבען און שוואַרץ, —
קום איך עפען דיר מײן האַרץ,
אין די פונקען וואַרם זיך...

III.

כ'האָב געזוכט אין דעם דונקלען הימעל א שטערען,
און האָב ניט געפונען —
פון דעם ווינט האָט זיך טרויריג געגאָסען א ליעדל
און איז מיר אין האַרצען געראָנען...

וואָלקען אויף שטיקלעך צעריסען, צעוואַרפען,
האָב איך געזעהן;
זיי ציעהען זיך לאַנגזאַם, און שוואַרצער, דערשלאָגען
איז אײנער פון צווייטען געווען.

אײן וואָלקען דער טרויריגסטער איז פלוצלינג פאַרשוואונדען
פון הימעל דעם שוואַרצען.
איך האָב איהם געזוכט און האָב איהם דערשפּירט
ביי מיר אין מײן האַרצען...

יצחק י. קאַצענעלסאָהן

---

# פינסטער.

(ערצעהלונג).

(ענדע).

רעדענדיג האָט זי זיך אויפגעהויבען און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן פענסטער און זיך שטאַרק אײנגעקוקט; זי האָט אָבער גאָר נישט בעמערקט, דער רעגען האָט נאָך געגאָסען, די פינסטערניש ווערד ניט שוואַכער.

זי האָט זיך ווידער אַראָבגעלאָזען אויף איהר אָרט.

עס איז שטיל, דער רעגען קלאַפּט אויף די שויבען, א פאַרזע-סענע פליג האָט פלוצים א זומע געטאָן און א דרעה געטאָן זיך אַרום דעם גלאָז פונ'ם לעמפּל, אַראָבגעלאָזען זיך אין דער נידער, אויפגע-הויבען זיך אין דער הייך און אָבגעטראָגען זיך אָן א זײט, העכער און העכער ביז דער סטעליע.

— קאַפּ-קאַפּ-קאַפּ, — דערהערט די מאַמע מיט דער טאָכטער

און האבען זיך אויסגעחאפט און איבערקוקט זיך עטליכע סעקונדען...

א לייכטער טעות איז זיי דורך געפלויגען ביידע אין קאפ: עס געהט שמיצער; באלד אבער האבען זיי זיך דערוואוסט, אז עס איז גאר נישט. דאס "קאפען" האט נישט אויפגעהערט, עס האט זיך צו־געטראגען פון דאנען ערגעץ, פון אינוועניג, פון וואנען קאן עס זיין? יא, עס איז דייטליך, פון קאמער...

באשע לאה האט א נעם געטאן דאס לעמפל, איז אריין שנעל אין קאמער און איז געבליבען פארשעמט: אויפ'ן בעט האט אנגערונען דורכ'ן סטעליע א גאנצע בלאטע.

ברײנע איז אויך אריין און האט פארבראכען די הענט קוקענדיג

— דא ליגט דאך איהר גארדעראב אויך.

— וואס שטעהסטו, גולם! — שרייט אויס באשע לאה אין פארצווייפלונג: — דערלאנג א הער גיך א טעפל, דאס וועט מען ניט קאנען שלאפען, די גאנצע בעטגעוואנט ווערד פארפוילט.

— איך בין איהר שולדיג — זאגט ברײנע אנצינדענדיג זיך — אז די סטעליע רינט ווי געפעלט עס דיר?

— וואס בורצעסט דו דארטען פלאקען הילצערנער! — וועה איז מיר, ווי ווער איך שוין פטור פון מיינע צרות!...

— זי האט שוין אנגעהויבען, די אלטע מכשפה, — רעדט צו זיך ברײנע, זוכענדיג אין דער פינסטער א טעפל.

— וואס קרעכצסטו דארטען? — שרייט באשע לאה: עס איז דאך שוין דא א בלאטע חאטש דערטרינקט זיך...

— דער טרינקט זיך אז דיר איז ליב, שרייט ברײנע, אווארף טונדיג א טעפל אויפ'ן בעט.

— דערלעבט — קלאגט זיך באשע לאה — נחת, דערהארט פון איין אייגען קינד, "כבוד-אב"... "רבונו של עולם", איז שוין מיינע זינד אזוי גרויס?!...

חליפענדיק האט זי אראפגענאסען דאס וואסער פון בעט־אוועק געשטעלט אויף דעם ארט, וואו עס האט גערונען פון סטעליע, דעם טעפל. קוים איז איהר געראטען מיט דעם אבצופארטיגען זיך ערשט, עס האט זיך דערהערט א "שליאפעריי" אונטער'ן טיר.

— וועה איז מיר, מען געהט, חאפט זי זיך אויף אריינלויפענדיג אין שטוב פון קאמער, האט אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש דאס לעמפל און האט גענומען מיט איהרע דארע צעקנייטשטע הענט אויסווישען די טרערען פון די אויגען.

— זעץ דיך א נידער, — זאגט זי שטיל, פארביסען, צו ברײנען, און האט זיך אוועקגעשטעלט אין מיט'ן שטוב קעגען טיר.

— אלע בייזע חלומות צו מיינע שונאים'ס קעפ! — זאגט זי ארויס, ווען זי האט דערזעהן איהר מענדלען אריינקומענדיג, "גאס ווי א האן".

— האסט ניט געקאנט איבערווארטען דעם רעגען?

— און אז דער רעגען וועט גאר ניט אויפהערען? איך האב נאך א גאנצען טאג ניט געגעסען.

זעה נאר ווי פון איהם רינט — טו אויס די קאפאטקע און דרעה עס אויס, קענסט זיך נאך פארקילען, גאט מיינער...

— איך "חלש" עסען, זאגט מענדל אוועקלעגענדיג זיין נאסע קאפאטקע און איז געבליבען אין א קליין קאמזעלקע, פון וועלכע עס האבען ארויסגעשטעקט די פייכטע ברייטע ארבעל פון זיין העמד און פיער לאנגע "ציציות" פון אונטען.

— וואס זאל איך דיר געבען? — וועטשערע האב איך היינט ניט געקאכט, נעם איין עפעל ליגט דארטען אין קויש און עס מיט ברויט.

— אוה!, — האט זיך ארויס געריסען א קרעכץ פון אונצופרי־דענהייט ביי מענדלען פון הארצען. ער האט אבער גענומען באלד איי עפעל מיט ברויט און זיך אביסל בערוהיגט.

דער רעגען הערט ניט אויף צו גיסען, באשע לאה געהט ארום עטליכע מאל איבער'ן שטוב, פארקוקט זיך אין קאמער, הערט זיך צו ווי די טראפענס רעגען פאלען אין טעפל מיט א שארפען קלאנג, קעהרט זיך אב פון דארטען און ווארפט עטליכע קרומע בייזע בליקען אויף ברײנען. זי קוקט זיך צו איהר צו, זי זעהט ווי זי זיצט ביים טיש, אראבגעלאזען דעם קאפ אנגעשפארט אויף דער לינקער האנט, און מיט דער רעכטער שפילט זי זיך מיט דער פעדער, דאס געזיכט צא־רענדיג, די באקען ווי זיי וואלטען זיך נאך מעהר אויסגעצויגען און אנגעשוואלען ווערען, די אייבערשטע ליפ צוגעצויגען, די אונטערשטע — אראבגעצויגען, אראבגעקאשערט, ווי א פארבייגטער ברעג ארבעל...

— מיט אזא ליפ, מיט אזויגע באקען ווי קאן מען געפעלען ווערען, — לויפט דורך באשע לאה'ן א געדאנק אין מח, — אז זי וואלט חאטש שכל האבען פארמאכען דעם מויל...

— עס וועט א פנים קיינער ניט קומען, — זאגט זי הויך און געהט צו צום פענסטער און קוקט זיך שטארק איין.

דער רעגען קלאפט ווי פריהער, די זעלבע פינסטערניש, מען בעמערקט גאר נישט.

— וואסער משוגע'נער וועט זיך לאזען אין אזא נאכט? — רעדט זי צו זיך ווייטער און וויל שוין צונעמען פון דארטען איהר געזיכט, ערסט מיט א מאל האט איהר עפיס א שיין געטאן אין די אויגען.

זי האט זיך מעהר אריין ג'עריקט אין פענסטער, אזוי אז איהר שטערען האט געפיהלט די נאסע קאלטע שויב, האט אויפגעריסען מעהר איהרע אויגען און זיך שטארק צוגעקוקט: פון א זייט עפיס פון דער קרים בלאנדזשעט עפיס א קליין רויט פינטעלע, שימערט א קליין פייערל אין דער פינסטער, און צוזאמען מיט דעם פייערל האט זיך אויפגעפלאקערט איהר האפנונג... איהר האט גענוטען שנעלער קלא־פען אין הארצען און אין די שלעפען: "טאמער"... דאס פייערל שווימט, שווימט אין דער שווארצער נאכט און קומט צו וואס ווייטער נעהנטער. אט האט עס זיך אויף א רגע אבגעשטעלט, עס לעשט זיך עפיס ווי פון ווינט — פארלאשען?... ניין, ווידער פאנאנדערגעברענט זיך!... אט איז עס שוין ביי בונם'ס הויז, אט, אט איז עס שוין נעבען איהר...

— א הער! — האט זי אויסגעשריגען און איז אבגעשפרונגען פון'ם פענסטער, אז ברײנע האט זיך ווי דערשראקען און אויפגעהויבען אויף איהר דעם קאפ, און מענדל האט אויף א רגע אויפגעהערט צו קייען דאס ברויט מיט דעם עפעל:

— מען געהט אהער — זאגט זי געשווינד — מיט אלאמטערן, פארריכט א ביסל די האר, קוק ניט, ווארט ניט, מאך צו דאס מויל!...

זי איז צוגעלאפען צום טיר און האט עס פאנאנדערגעעפענט.

א יונגער בחור מיט רויטע נאסע באקען, מיט טראפענס וואסער אויף די ברעמען האט זיך אביסל ארומגעטרייסעלט פונ'ם רעגען און איז אריין איינוועניג מיט זיין לאמטערן. זיי האבען איהם דערקאנט: לייזער'ס א פריקאשציק.

— וואס, געקומען צו פאהרען? — שרייט אוים באשע לאה איהם א קעגען.

— ווער? — פרעגט ער און קוקט זי אן פארוואונדערט.

ביי באשע לאהן מיט ברייגען האט זיך עפים מאדנע א ציפ געטאן אין הארצען.

— וואס דען? אין אזא רעגען וואס געהסטו?

— דער בעל־הבית האט מיך געשיקט זאגען אייך, אז אויפ'ן יריד אין י. איז קיינער ניט געפאהרען, ניטא אויף וואס צו ווארטען, ווער און וואס ווייס איך ניט...

באשע לאה'ס געזיכט האט זיך פארקרימט פאר וועהטאג, זי זאל ניט אומפאלען האט זי זיך אנגעשפארט אן אויווען, און ברייגע האט זיך מיט א מאל געפיהלט, ווי מען וואלט זי אבגעגאסען פלוצים מיט איין עמער קאלט וואסער, און אהן כחות האט זי זיך אראבגעלאזט אויף א בענקל.

— וואס איז אייך, באשע לאה? — פרעגט דער פריקאשציק, באמערקענדיג איהר בלאס פנים.

— ס'אזא ספאזמעס, גיט פאר דיר געדאכט, מיין קינד, ניט איין אמאלעדיגער כח... כדאי געוועזן צו געהן צוליב דעם אין אזא רעגען...

— איך ווייס וואס האט ער מיך געטריבען?

א גוטע נאכט, — זאגט ער ווייטער, בעטראכטענדיג זיין לאמטערן, — מען דארף געהן, מארגען דארף מען פריה אויפשטעהן, דער רעגען, דאכט מיר, איז אביסל קלענער געווארען, האט אייך א גוטע נאכט...

א קעלט האט איהר דורך גענומען. זי האט צוגעמאכט די טיר און איז צוגעגאנגען א קעגען ברייגען, וועלכע איז נאך צו זיך ניט געקומען.

— וואס — זאגט זי איהר מיט א פארוואריגען קול — מענסט זיך אויסטון לעגען שלאפען, ניטא וואס צו ווארטען...

דער רעגען האט נאך אלץ געקלאפט אין די שויבען, דאס לעמפל האט מען אויסגעלאשען באלד, און די פינסטערניש האט זיך מיט א גוואלד א שפאר געטאן אין שטוב אריין און איינגעשלונגען די פינסטערע נשמות אויך...

ם. ערליך.

# מרדכי נח

דער גרינדער פון א יודישע מדינה אין אנפאנג פון ניינצענטען יאהרהונדערט.

מרדכי נח איז געבארען אין פילאדעלפיא אין יאהר 1786. פון פאטער'ס צד שטאמט ער ארוים פון א גרויסע מאראנען־ (אנוסים) פאמיליע, וואס איז אנטלאפען פון ליסאבאן (פארטאגאל) קיין לאנדאן און פון דארט קיין אמעריקא. אין זיין פריהסטער יוגענד זענען איהם זיינע עלטערן אבגעשטארבען און ער האט געמוזט זיין ביי א זיידען. דארטען האט ער בעקומען א זעהר גוטע ערציהונג. זיין זיידע האט איהם געדונגען לעהרער, וואס האבען איהם געלעהרענט שפראכע' און וויסענשאפט, דערצו האט ער איהם נאך אבגעגעבען אין א שול פון בילדער־שניצעריי. נאר מרדכי נח איז ביי דער ארבייט ניט לאנג געבליבען. זיינע לעקציעס האט ער זעהר פלייסיג געמאכט און די איבעריגע צייט האט ער פארבראכט אין טעאטער, וואס ער האט זעהר ליב געהאט. מיט דער צייט האט זיך ביי איהם ענטוויקעלט די דראמאטישע קונסט, מיט וועלכער ער איז שפעטער בעריהמט געווארען. צו 24 יאהר איז ער געווארען רעדאקטאר פון א פאליטישען זשורנאל. דענסטמאל האט ער זיך שטארק בעשעפטיגט מיט דער יוריספרידענץ. שוין אין יאהר 1810 האט ער געשריבען דראמאטישע ווערק, וואס האבען ביים עולם זעהר אויסגענומען. נאר די אלע בעשעפטיגונגען זענען געוועזן טפל־זאכען צו דער הויפט־אידעע, וואס האט אין איהם זיך ענטוויקעלט פון דער פריהסטער יוגענד אן. ער האט ניט אויפגע־הערט צו טראכטען, מיט וואס העלפט מען דאס יודענטום און ווי זאל מען זיי העלפען. דאס יודישע אומגליק האט ער געזעהן נאר אין דעם וואס זיי זענען צעזייעט און צעשפרייט, דעריבער לייד ען זיי טאקי רדיפות אהן א שיעור און אהן איין ערך. ער האט געפונען, אז יודען מוזען האבען איין אייגענע היים. אבער וואו קריגט מען די היים, און ווי אזוי? עס איז ביי איהם געבליבען, אז יודען מוזען האבען איין אייגענע מדינה און דווקא אין ארץ־ישראל. נאר נאך דענסטמאלדיגע צייט און קולטור האט זיך מרדכי נח ניט געקאנט פארשטעלען, ווי וועלען יודען קאנען צוקומען צו ארץ ישראל אהן כלי זיין... דער טערק וועט דאך בודאי מיט גוטען ניט וועלען אבגעבען דאס לאנד, מוז מען דאך נעמען מיט גוואלד — און אויפגעהן מיט גוואלד מוז מען דאך עפים האבען מענשען... חיל, כלי זיין, ווי דער שטייגער א״ז. מרדכי נח איז אבער געפאלען אויף אזא פלאן. נישט קשה — זאגט ער — יודען, אהן עין־הרע, זענען דא פיעל אויף דער וועלט, זיי וועלען אזא מדינה ווי טערקיי קאנען בייקומען, מען מוז נאר האבען קיבוץ־גליות, אז אלע יודען זאלען צוזאמענקומען. דערצו מוז מען זיי פריהער מאכען עפים וואו א דערוויילי־יודישע מדינה, אלע יודען פון דער גאנצער וועלט זאלען דארט צוזאמענקומען, זיי זאלען זיך צו־לערנען א פאר דורות תכסיסי־מלחמה און דערנאך, אז זיי וועלען געהן אויפ'ן טערק וועלען זיי געוויס איינגעמען. אלץ איז שוין אין זיין פלאן געוועזן פארטיג. עס איז נאר געבליבען די פראגע, ווי הויבט מען אן צו רעדען מיט די יודען און וואו זאל מען זיי לעת־עתה געבען א מקום־מנוחה. בעזונדערס האבען איהם אינטערעסירט די פיעל יודען, וואס וואהנען אין צפון־אפריקא, דען פון בגימין טאדעלער אן האט זיי נאך קיין יודישער רייזענדער בעזוכט. עס האט זיך איהם שטארק פארוואלט וויסען זייערע מנהגים און זייער לעבענסארט — אפשר קאן מען מיט זיי עפים טון. נאר ווי אזוי קומט מען קיין צפון־אפריקא? דערצו נאך אהן כלי־זיין. ער איז געפאלען אויף א פלאן, אז ער קאן דאס לייכט אויספיהרען, ווען ער זאל ווערען קאנזול אין טונים. דענסטמאל איז גראד די שטעלע געוועזן פריי און דער פרעזידענט האט פון איהם זעהר פיעל געהאלטען פאר זיינע ליטעראַרישע ארבייט. דער פרעזידענט האט איהם אפילו תחילת אנגעשלאגען צו ווערען קאנזול אין ריגא, נאר מרדכי נח האט דאס ניט געוואלט אננעמען. אין 1813־טען יאהר איז ער געווארען דער אמעריקאנישער קאנזול אין טונים.

די שמחה פון מרדכי נח׳ן בשעת ער איז ארויסגעפאהרען פון ניו־יארק איז ניט צו בעשרייבען. ער האט געמיינט, אז אט אט איז ער שוין נאהענט צו זיין ציעל — גאר אזוי גיך איז דאס ניט געגאנגען. עס איז דענסטמאל גראד געוועזען א מלחמה צווישען די ענגלענדער און די צפון־אמעריקאנישע שטאאטען און ווי מרדכי נח איז געקומען מיט׳ן שיף אויף דעם פראנצויזישען האפען האט מען איהם גענומען געפאנגען און מע האט איהם געבראכט קיין פלימוט. די ענגלישע רעגירונג האט איהם זעהר איידעל בעהאנדעלט; זי האט נאר ביי איהם איין עהרענווארט גענומען, ער זאל פון לאנדאן ניט אוועק, האט איהם אבער געגעבען רשות צו בעקוקען אלע שטעדט פון דעם אינזעל־לאנד.

אז מרדכי נח איז פריי געווארען, איז ער אוועק געפאהרען גלייך קיין צפון אפריקא און האט דארטען אנגענומען די שטעלע פון אמעריקאנישען קאנזול. ער איז אבער ניט לאנג געוועזען אויף דער שטעלע. מען האט איהם אבגעזאגט פון דעם קאנזולאט און ער האט געמוזט אוועקפאהרען פון אפריקא נאך איידער ער האט עפּיס אנגעהויבען צו טון וועגען זיין אידעע. אבגעזאגט פון זיין א קאנזול האט מען איהם איבער די ווייטערדיגע סבה. די אמעריקאנישע רעגירונג האט איהם אריינגעשיקט א געוויסע סומע געלד, ער זאל אין אלזשיר אלע געפאנגענע אמעריקאנער אויסקויפען, און ארויסלאזען פריי. דאס האט ער אבער געמאכט דורך איין אמעריקאנער, וואס איז שוין אבער געוועזען שפאנישער בירגער, יענער האט אויסגעגעבען אויף דעם פדיון שבוים פיעל מעהר געלד, ווי די אמעריקאנישע רעגירונג האט בעשטימט אויף דעם רעסט געלד האט מרדכי נח אויסגעשטעלט וועקסלען אויף אמעריקא. די וועקסלען זענען אבער גלייך צוריקגעקומען מיט פראטעסט. מרדכי נח איז אריין געפאלען אין א זעהר טרויעריגע לאגע, ער האט נאך געשפּילט מיט גליק, וואס דער ענגלישער קאנזול אין טונים האט איהם ניט גלייך אויפ׳ן ארט ארעסטירט. מרדכי נח האט אנגעווענדעט אלע כחות, ער האט בעקומען געלד ביי גוטע פריינד און האט דעם רעסט בעצאהלט פון זיין אייגענע קעשענע, אבי די געשיכטע צו פארווישען — גאר דאס האט ניט געהאלפען. מרדכי נח האט פּלוצלינג בעקומען א בריף פון דער אמעריקאנישער רעגירונג ער זאל זיך פון זיין שטעלע ענטזאגען. דער אויסרעד איז געוועזען וואס זיי האבען אין דער גאנצער מעשה געהאט א מקח־טעות: בשעת מען האט איהם געמאכט פאר א קאנזול האבען זיי ניט געוואוסט, אז ער איז א יוד... מרדכי נח איז אוועקגעפאהרען צוריק קיין ניו־יארק. מיט דער דאזיגער רייזע האט ער די האפנונג וועגען די צפון־אפריקאנער יודען כמעט אין גאנצען פארלארען. אבער די אידעע, אז יודען מוזען האבען איין אייגענע מדינה איז ביי איהם געווארען נאך שטארקער און שטארקער... קומענדיג אין ניו־יארק האט ער אנגעהויבען צו רעדיגירען א טעגליכע צייטונג: „דער נאציאנאל אדוואקאט“. ער האט זיך אנגעהויבען מישען אין אלע פאליטישע און סאציאלע ענינים. אומעטום איז ער געוועזען אנגענומען בכבוד גדול, אין א קורצע צייט האט ער זיך ערווארבען די גרעסטע טיטעלן און האט איינגענומען די גרעסטע שטעלע אין דער וועלט, וואס א יוד האט נאר געקאנט בעטרעטען. נאר ביי אלעם דעם איז די אידעע וועגען דער יודישען מדינה ביי איהם ניט איינגעשלאפען. וואס גרעסער ער איז געווארען אין דער געזעלשאפט, איז ער אלץ טרייער געווארען דעם יודענטום.

אין 1818־טען יאהר, אז מען האט אויפגעבויט דעם גרויסען יודישען טעמפעל אין ניו־יארק האט מאיאר נח, געהאלטען א חנוכת הבית־רעדע. די רעדע האט די יודישע געמיינדע אבגעדרוקט און צעשיקט צו אלע גרויסע לייט פון דער שטאדט, יודען און קריסטען. א קריסטליכער געלעהרטער, דזשאן אדאמס, שרייבט וועגען נח׳ס דרשה אזוי: „אזא ליבעראלע שיינע גלענצענדע רעדע האב איך נאך אויף מיין לעבען ניט געלעזען“ אין דער רעדע בעווייזט ער די יודישע מעלות סיי גייסטיג סיי פיזיש. די יודען האבען ניט אויפגעגעבען זייער טרייהייט צום אמת׳ן גאט, וואס זיי האבען צום ערשטען מאל דערקענט. די יודען זענען ניט אזוי שוואך אזוי שרעקענדיג ווי די קריסטען מיינען, זיי זאלען נאר האבען צווישען זיך אחדות וואלטען זיי מיט טערקיי געקאנט מלחמה האלטען און זייער אייגען לאנד, וואס עס קומט זיי על פי דין ועל פי יושר, צוריק בעקומען. איך קען — זאגט נח — די יודען פון פיעל לענדער זיי האבען געקאנט ארויסשיקען א חיל פון הונדערט טויזענט מאן, בעוואפענט מיט כלי־זיין, זיי וואלטען שוין מיט׳ן מערך פארטיג ווערען און וואלטען צוריק בעקומען זייער זעלבשטענדיגקייט. מרדכי נח האט געגלויבט ניט נאר אין די נביאות, אז אלץ, וואס אונזערע נביאים האבען אויף אונז נביאות געזאגט מוזען מקוים ווערען, ער האט אפילו געגלויבט, אז עס איז שוין געקומען די צייט, אויף וועלכע די נביאים האבען געמיינט... עס איז שוין גענוג צו זיין א נרדף... א נע ונד פון איין ארט אין צווייטען, פון איין לאנד אין דאס אנדערע... עס איז שוין געקומען די צייט פון קיבוץ גליות, אלע יודען זאלען צוזאמען קומען און אין איין קול פארלאנגען זייער רעכט... עס איז שוין געקומען די צייט, וואס דאס פאלק וואס האט געלעהרענט א גאנצע וועלט די אחדות און דעם געטליכען כח זאל שוין צוריקבעקומען איהר אייגען שטיקעלע לאנד, דאס פאלק, וואס האט זיך נעביך אויסגעמוטשעט אזוי פיעל הונדערטער יאהרען צוליב פרעמדע הבלים, צוליב פרעמדע חשך פינסטערדיגע פאנאטיזם זאל שוין האבען וואו דעם קאפ אן צו שפארען.

נאר ביי מרדכי נח איז דער פעריאד פון ריידען, טענה׳ן און ערקלערען גיך אריבער געגאנגען — מען דארף שוין עפּיס אנהויבען צו טון — האט ער געזאגט. און אין 1825 האט ער זיך גענומען צו דער ארבייט פון קבוץ גליות. ער האט געזאמעלט געלד און האט אבגעקויפט גראנד איסלאנד. איין אינזעל, וואס איז ניט ווייט פון ניו־יארק און קאנאדא. דער אינזעל איז דרייצעהן מייל לאנג און פינף מייל ברייט. לעת עתה — האט ער געזאגט — זאל דא זיין די עריי מקלט פאר אונזערע נע ונד׳ניקעס און צוזאמען מיט די אינדיאנער, וועלכע זענען ניט ווייט פון דעם אינזעל, וועלען זיך די יודען דארט לערנען תכסיסי מלחמה — דאס וועט צונוץ קומען פאר׳ן טערק. איבער די אינדיאנער האט מרדכי נח געשריבען א ווערק און האט דערוויזען, אז זיי שטאמען אב פון די עשרת השבטים. דענסטמאל האט ער ארויסגעשיקט א קול־קורא צו די יודען אין דער גאנצער וועלט, פון וועלכען איך גיב דא בקיצור איבער דעם אינהאלט:

„איך, מרדכי נח, בירגער פון די אמעריקער פאראייניגטע שטאאטען, פריהער קאנזול אין טונים, אבער־שעריף אין ניו־יארק, יוסטיץ־ראט און מיט גאטס חסד, פיהרער און ריכטער ביי יודען, בין מכריז ומודיע אלע יודען אין דער גאנצער וועלט, אז פון איצט אן האט זיך

פאר אייך געעפענט א לאנד, וואו איהר קענט לעבען בשלום, וואס די ענגהערציגקייט פון פריהעריגע יאהרהונדערטען האט אייך דער צו ניט לאזען. עס איז פאר אייך אפען א פריי לאנד, וואו איהר זאלט, אייער געלד, אייער גלויבען און אלע אייערע מנהגים וועלען זיכער זיין, א לאנד פול מילך און האניג, איהר וועט דארט קענען זיצען בשלום ושלוה יעדער אונטער זיין וויינשטאק און פייגענבוים. דא וועט זיך אונזער פאלק לערנען ארבייטען די ערד, לערנען די רעגי־רונגסוויסענשאפט און די השכלה, דא וועט איהר זיך אויסבילדען צו זיין אזא פאלק ווי איהר זענט אמאל געוועזען, איהר וועט בעקומען די פעהיגקייט אריינצוטרעטען צוריק אין אייער אייגען לאנד, אין דאס לאנד, וואו אונזערע עלטערן האבען געלעבט, וועלכע גאט האט זיי צוגעזאגט. אז ער וועט געבען זייערע קינדער. זעהט יודען! די צייט איז געקומען, זי רופט אונז צו ארבייטען! אין נאמען פון גאט דעם אלמעכטיגען, וואס האט אונז ביז היינט אין לאנגען פינסטערען גלות ניט פארלאזען, ער האט אונז געפיהרט מיט זיין האנט פאר א וואלקען זייל ביי טאג און א פייער זייל ביי נאכט, וויל איך צוריק אויפשטע־לען דאס יודישע פאלק אונטער דעם שוץ פון דער קאנסטיטוציאן אונטער דעם געזעץ פון די פאראייניגטע שטאטען אמעריקא'ס. איך בעט דרום אלע רבנים, דינים, גבאים און אלע יודען, וואס זיי זענען זיך עוסק אין קהל'שע זאכען, און אלע די, וואס האבען ליב זייער פאלק און זוכען זיין גליק, אז זיי זאלען מיין קול־קורא פארברייטען צווישען זייערע געמיינדען, שכנים און אזוי בעקאנטע יודען, צו רעדען זיי, זיי זאלען גיין אין דאס לאנד, וואס איך האב פאר זיי געקויפט. טאמער געפינען זיך צווישען אייך מענשען, וואס ווילען ניט גיין ווייל זיי זענען צו אלט, אדער זיי האבען זיך זעהר גוט אין די לענדער וואו זיי זענען, זיי זאלען זיצען אין זייער לאנד און בלייבען טריי דעם לאנד און דער רעגירונג, זיי זאלען אבער ווירקען אויף די איבריגע יודען, אז זיי זאלען גיין קיין גרויס איסלאנד. איך בעפעהל, אז אלע יודען זאלען בלייבען גלייכגילטיג צו דעם קריג, וואס עס פיהרט זיך צווישען טערקיי און די גריכען, כדי די געדריקטע יודען, וואס בלייבען אין די ביידע לענדער, זאלען דורך דעם ניט ליידען. יעדער רב אדער עוסק בצרכי־צבור איז מחויב צו זארגען, אז מען זאל גרינדען מעהר ישיבות פאר יודישע וויסענשאפט, און מעהר צדקה חברות, דען צדקה און חכמה דאס איז די קראפט פון א פאלק. די רבנים זאלען זארגען קיין חופה וקדושין ניט ערלויבען, ווען דער חתן און די כלה זענען נאך צו יונג און זיי מוזען קענען לעזען און שרייבען די לאנד־דעסשפראכע. מען זאל פיעל לערנען די העברייאישע שפראך, און די תפלות מוזען זיין לשון קדש. די דרשות קענען געהאלטען ווערען אין דער לאנדעסשפראכע, זיי מוזען אבער זיין אין יודישען זין. יעדער יוד מוז צאהלען יעדעס יאהר דריי שקל זילבער אדער א שפאנישען טאלער, דאס געלד וועט גיין פאר די ארגאניזאציע, צו שטיצען די עמיגראנטען, צו קויפען לאנדווירטשאפטליכע ווערקצייג. און אז יודען וועלען אליין צו לעגען זייער ווילען און קראפט בזכות זה יבוא גואל ובמהרה בימינו יושע יהודה וישראל ישכון לבטח."

און דער „קול קורא" איז ניט געוועזען אזוי ווי א שטימע אין דער מדבר, פון אלע פנות העולם האט מען זיך אנגעהאפט אן דער אידעע און די עמיגראציע האט זיך אנגעהויבען. די הויפט־אגענטען, וועלכע האבען אין דעם מיטגעארבייט זענען געוועזען: דער גראנד־ראבי־נער אין פאריז, ביידע אבער־ראבינער הערשעל און מעלדאלא אין לאנ־דאן, די פארשטעהער פון די יודישע געמיינדען אין באָרדאקס, ליווארנא, גיבראלטאר אין דייטשלאנד האבען געשטיצט די אידעע דער בעריהמטער ד"ר לעאפאלד צונץ, פראפעסאר עדואַרד גאנז. זיי האבען מרדכי נח'ן געמאכט צום מיטגליד אין זייער קולטור־פאראיין.—

(ענדע קומט).

ד"ר יצחק וויערניקאווסקי.

---

# די כוזרים.

(ענדע).

אז די יודען פון די ארומיגע מדינות האבען זיך דערפון דער־וואוסט, האבען זיי אנגעהויבען צו קומען אין דער נייער יודישער מלוכה, וואו מען האט זיי צוגענומען פאר גוטע געסט. בכלל האבען זיך ביי די כוזרים אין לאנד געפינען אלע פארשידענע אמונות, א סך קריסטען און מחמדאנער, וואס האבען געלעבט גאנץ רוהיג, מען האט זיי קיין מאל נישט גערודפ'ט. די יודען האבען געשטארקט דאס גלויבען ביי די כוזרים דער זוהן פון דעם ערשטען מלך בולאן, עובדיה, האט געבראכט פון בבל יודישע געלעהרטע, וואס האבען פאר איהם געשריבען די תורה און אנדערע ספרים און האבען דאס פארברייט ביים פאלק. ער האט זעהר פיעל געטאן צו שטארקען און רייניגען די אמונה, און אין זיין צייט איז ערשט דאס יודענטום געווארען איינגעפלאנצט אין לאנד. און וואס שטארקער עס איז געווארען ביי זיי דאס יודישקייט האבען זיי זיך אלץ מעהר אינטערע־סירט און האבען גענומען א חלק אין דעם לעבען פון דעם כלל ישראל. ווען מען האט אמאל דערציילט, אז אין איין ארט באבונגי האבען די מאחמדאנער צעשטערט א יודישע שוהל, האט דער חאגאן פאר דעם געהייסען אברייסען דעם דאך פון דער מאשעע (בית־תפלה) און די כומרים טייטען (921). ער וואלט אלע מאשעען אין דער גאנצער מדינה צעשטערט און חרוב געמאכט, ווען ער וואלט נישט מורא האבען, אז די מחמדאנער וועלען נעמען דערפאר נקמה פון די יודען, וואס וואהנען צווישען זיי און וועלען זיי שלעכטס טון. עס ווערד דערציילט, אז אין דעם ארט אסמיד, נישט ווייט פון דערבענט איז געוועזען א בעזונדערע קליינע מלוכה פון יודען, וואס איז געשטאנען אונטער דער הערשאפט פון די כוזרים.

דער עיקר ישוב פון די יודען איז דענסטמאל געוועזען אין מערב אייראפא, אין שפאניע. די יודען האבען גאר נישט געוואוסט פון דעם וואס איז געשעהן דארט ווייט אין מזרח נעבען דעם ים־הכספי. בכלל איז זיי געגאנגען זעהר גוט, זיי האבען געהאט אלע זכיות. די יודישע ליטעראטור און וויסענשאפט האט דענסטמאל געבליהט און האט ארויסגעגעבען די שענסטע פילאזאפישע און פאעטישע ווערקע. דענסטמאל איז געוועזען אין שפאניע א יודישער מיניסטער חסדאי־בן־יצחק אבן־שפרוט (910—915). חסדאי האט זיך דערוואוסט פון שליחים, וואס זענען געקומען צו זיין מלך פון דעם מלך פון קאנסטאנטינאפאל, אז נישט ווייט פון זיי געפינט זיך א יודישע מלוכה מיט א יודישען מלך. ער האט זיך דערמיט שטארק געפרייט און האט געשיקט א בריף דורך שליחים צו דעם מלך פון

קאנסטאנטינאפאל, ער זאל זעהן זיי דורכצולאזען צו די כוזרים, זיי העלפען, אז זיי זאלען דערגרייכען זייער ציעל. די שליחים זענען געבליבען אין קאנסטאנטינאפאל זעקס חדשים, דערנאך האט מען זיי צוריק געשיקט קיין שפאניע מיט דעם תירוץ, אז מען קאן זיי נישט אריבערפיהרען צו די כוזרים, ווייל דער ים איז אלץ זעהר שטירמיש, און אויף דער יבשה זענען שטענדיג מלחמות. חסדאי האט זיך שטארק מצער געווען און האט געוואלט פריווען שיקען א בריף דורך ירושלים איבער קליין־אזיע און ארמעניע. ער האט שוין נישט געוואלט זיך פארלאזען אויף מלכים, נאר דורך יודען גופא צו דערגרייכען זיין פארלאנג. דערווייל זענען צום מלך פון שפאניע געקומען שליחים פון א ווייטע מדינה געצאלים (וואהרשיינליך קראאציען) צווישען זיי זענען געווען צוויי יודען שאול און יוסף. ווען זיי האבען זיך דערוואוסט פון זיין פארלאנג, האבען זיי איהם געטרייסט און האבען איהם צוגעזאגט זיין בריף צוצושטעלען אויפ'ן ארט אין דער האנט פון דעם מלך הכוזרים יוסף דעם עלפטען. דער בריף איז טאקי אנגעקומען צום מלך יוסף דורך א יודען יעקב ב"ר אליעזר פון דייטשלאנד. אין דעם בריף שרייבט חסדאי דער יודישער מיניסטער, וואס האט געמיינט, אז דאס זענען יודען, וואס קומען ארויס פון די עשרת השבטים: „אז איך וואלט געוואוסט געוויס, אז איהר האט נאך א יודישע מלוכה בין איך גרייט מיין כבוד מוחל צו זיין, מיין שטעלע אוועקצוווארפען, מיין ווייב און קינדער צו פארלאזען און לויפען איבער בערג און טאלען, ימים און מדבריות, כדי צו קניען פאר דעם מלך, וואס קומט ארויס פון דעם יודישען שטאם, און מיט מיינע אויגען זעהן זיין גדולה, זיך פרייען מיט זיין גבורה און מאכט". ווייטער בעט ער איהם, ער זאל איהם מודיע זיין, ווי גרויס זייער לאנד איז, ווי הייסען זייערע שכנים, ווי זענען זייערע הנהגות און דער עיקר איז, ער זאל איהם שרייבען אפשר איז ביי זיי פאראנען ידיעות איבער דער גאולה, ווייל „די מאס פון די צרות איז שוין פול און די יודען מוזען אלע טאג הערען די ביטערע שטעכעדיגע ווערטער: דאס יעדעס פאלק האט זיין אייגען לאנד, נאר די יודען זענען שטענדיג פארוואגעלט, אוטעטום פרעמדע איינגעבעטענע. די ידיעה פון דער כוזרישע מלוכה האט איהם דארום אזוי שטארק דערפרייט. עס איז א טרייסט און א ישועה צו זיין פארביטערט, פארוואונדעט הארץ, ווייל איצט וועט ישראל קענען אויפהויבען שטאלץ דעם קאפ און נישט זיין מעהר פארלאזט און פארשעמט אין דער וועלט... די תשובה וואס דער מלך יוסף בן אהרן האט געגעבען איז אויך געשריבען לשון־קודש, דאס בעווייזט, אז די כוזרים האבען פארשטאנען העברייאיש. אין דעם בריף דערצייהלט ער, אז זיי זענען גרים און קומען נישט ארויס פון די עשרת השבטים. דער ערשטער מלך האט געהייסען בולאן און נאך איהם זענען געווען צעהן יודישע מלכים: עובדיה, חנוכה, מנשה I, חזקיהו, יצחק, זבולון, מנשה II, נסי, מנחם, בנימין, אהרן, און ער יוסף איז דער עלפטער. די גרענצען פון זייער לאנד זענען, אין צפון זייט דער אוראל און דער דאן; אין דרום־זייט געהט עס איבער קווקז אין דער מזרח־זייט פון שווארצען ים און דעם דניעפער ביז קיעוו; אין מזרח־זייט איז איבער דעם כספישען ים און דער וואלגא ביז צו דער קאלניקישער סטעפ. „זיי וויסען — שרייבט ער — אז מיין הויפט־שטאדט איז ביים סוף ביי דער מינדונג פון דער וואלגא, און איך היט דעם איינגאנג אין דעם ים־הכספי, לאז נישט די רוסען, וואס קומען מיט שיפען אויף דער וואלגא אריין אין דעם ים, אויך די שונאים פון דער יבשה לאז איך נישט אדורך אין דערבענט צו די בני ישראל. ווען איך וואלט זיי אריינגעלאזען וואלטען זיי חרוב געמאכט אלע מדינות ביז בגדד, איך פיהר מיט זיי דארום שטענדיג מלחמה. און וואס דו פרעגסט פון דער גאולה, ווען זי וועט קומען, ווייסען מיר דאפון גאר נישט. אונזערע אויגען זענען שטענדיג געריכטעט אויף ירושלים און די ישיבות פון בבל ביז גאט וועט רחמנות האבען און וועט שיקען דעם גואל.

דאס איז דאס איינציגע מאל, וואס די אייראפייאישע יודען האבען זיך דערקענט מיט די כוזרים, און האבען זיך פאראינטערעסירט מיט זייער לעבען. דיעזע בריף זענען געווען געשריבען בערך אין דעם יאהר 960. באלד אין א קורצע צייט ארום איז געקומען דער סוף פון דער כוזרישע מלוכה.

פון דער צייט, וואס די פאלאווצען האבען זיך פאראייניגט מיט די רוסען איז געווארען די מאכט פון די כוזרים געשוואכט. די רוסען האבען אויפגעהערט זיי צו צאהלען מס, און אין יאהר 965 האט דער פירשט סוויאטאס פון קיעוו איינגענומען די פעסטונג סארקעל אויף דעם דאן. שפעטער מיט פיער יאהר האט ער איינגענומען און צערויבט די שטעדט אסטראחאן און סעמענדער, דאמיט האט ער די כוזרישע מלוכה צעשטערט. נאר אויף דעם האלבאינזעל קרים איז נאך געבליבען א זעלבסטשטענדיגע קליינע מלוכה מיט דער הויפט־שטאדט קערטש. דארט האבען זיי נאך געהאט א אייגענעם פירשט דוד. אויך דארט האבען זיי נישט לאנג געהאט מנוחה. אין דעם יאהר 1016 האבען זיך פאראייניגט די רוסען מיט די גריכען אונטער דער פיהרונג פון דעם שר־צבא מסטיסלאוו טמוטינסקי, א זון פון דעם היילינגען וולאדימיר, און האבען צעשטערט דאס לעצטע ארט, דאס לעצטע ווינקעל, וואו די כוזרים האבען זיך פארבארגען. פון יענער צייט אן הערט מען זייער נאמען נישט מעהר, זיי זענען גאנץ אויסגעראט געווארען פון דער ערד. עס ווערד דערצייהלט, אז די קינדער פון די מלכים זענען געקומען קיין שפאניע און האבען גע־לערנט תורה אין דער שטאדט טאלעדא. אלטע שרייבערס זאגען, אז די אונגארן רעדען די כוזרישע שפראך און זיי וואקסען פון זיי. די אונגארן זענען אבער נישט קיין יודען...

אזא שרעקליכען סוף האט געהאט דאס פאלק, וואס האט זיך ערלויבט אנצונעמען די יודישע אמונה, האט זיך געוואלט פאר־איניגען, פארברודערען מיט די יודען.

ווארשא, שבט תרס"ג. ש. י. סטופניצקי.

---

## ליטעראטור און קונסט

— די חברה עזרה (הילפס־פעראיין) אין בערלין האט בעשלאסען צו גרינדען א לעהרער־סעמינאריום אין ירושלים.

— דעם היינטיגען נאיאבער ווערד 80 יאהר זייט עס האט אנ־געהויבען ארויסצוגען דאס ערשטע יודישע בלאט אין ווארשא אויף יודיש זשארגאן און מיט א פוילישע איבערזעצונג מיט דעם נאמען:

"דער בעאבאכטער אן דער ווייכסעל". דאס בלאט האט אנגעהויבען גערן אין נאיאבער 1823. דער רעדאקטאר פון דעם דאזיגען בלאט איז געוועזען ה' א. אייזענבוים, דער דירעקטאר פון דער ראבינער־שולע אין ווארשא. פון דעם דאזיגען בלאט זענען נאר ארוים 37 נומערען.

אין נומער 9 "פאלקס־צייטונג" פון היינטיגם יאהר האבען מיר וועגען דעם דאזיגען בלאט געדרוקט איין אויספיהרליכען ארטיקעל.

אין דער ביבליאטהעקע נעבען דער ווארשעווער סינאגאגע געפינט זיך איין איינציגער גאנצער עקזעמפליאר פון דער ערשטער יודישער צייטונג.

# פראקטישע ידיעות.

## צו דערקענען אייער אויב זיי זענען פריש.

עטליכע מיטלען האבען ווייבער צו דערקענען אייער אויב זיי זענען פריש. טייל שאקלען דאס איי און הערען זיך איין אויב דאס געלעכל קלאפט אקוראט צו דער שאל. ביי פרישע אייער איז דאס געלעכל פעסט און הארטליך, קלאפט עס זיך אן אין די שאל; אין אלטע אייער איז דאס געלעכל ווייך און מען הערט עס ניט. אנדערע קעגינם שטעלען אויף דאס איי; אז דאס געלעכל פאלט אראב אונ־טען איז דאס איי נישט פריש. ווידער אנדערע האלטען דאס איי פאר א ליכט; ביי פרישע אייער שיינט דורך דאס ליכט און אלטע אייער זענען טריב. וואס פרישער דאס איי איז, איז עס אלץ קלארער פאר'ן ליכט. די זאקסישע געזעלשאפט פאר עופות־האדעווען האט געגעבען א פרעמיע פאר א נייע ענטדעקונג ביי פרובען אייער אויב זיי זענען פריש. די מעטאדע איז א וויסענשאפטליכע און איז אזוי אקוראט אויסגעפרובט און זיכער, אז מען קאן אפילו דערקענען ווי פיעל טאג יעדעס איי איז אלט. די מעטאדע איז פשוט: מען לעגט דאס איי אין א שיסעל וואסער. איז דאס איי גאנץ יונג, בלייבט עס ליגען, איז עס אלט שטעלט עס זיך אויף, אויף דעם ברייטערען שפיץ. און וואס יונגער איין איי איז שטעהט עס אלץ קרומער. איז דאס איי נאך נישט אלט קיין דריי טאג ליגט עס אין דער ברייט. איז עס אלט פון דריי ביז פינף טאג איז שוין די דיקע זייט אביסעלע טיעפער אינ'ם וואסער. איז עס אלט אכט טאג ליגט עס גאנץ קרום. איז עס אלט צוויי וואכען שטעהט שוין דאס איי מעהר ווי עס ליגט. נאך דריי וואכען שטעהט עס שוין כמעט אין גאנצען. איז עס שוין אלט א מאנאט בלייבט דאס איי שטעהן גראד ווי א ליכט. איז עס נאך עלטער שווימט עס ארום אהין און אהער און קאן נישט איינשטעהן אויף איין ארט. מען קאן זיך מאכען סימנים אין דער כלי, מען זאל דערקענען יעדעס איי וויפיעל טאג עס איז אלט. דער שכל דערפון איז אויך פשוט צו פארשטעהן: איין איי וואס יונגער עס איז איז עס אלץ פולער, עס האט אין זיך פול פייכטיגקייט. און ווייל אויפ'ן וואסער קאן קיין שום זאך נישט בלייבען אויפגעשטעלט, דעריבער ליגט עס אין דער ברייט. יעדען טאג ווערד אבער דאס איי מעהר איינגעטרוקענט, דאס ווייסל מיט'ן געלעכל ווערען געדעכטער און דערפאר קלענער און אז מען שטעלט דאס איי אויף פאלט דאס געדעכטע ווייסל מיט'ן געלעכל אראב און אויבען בלייבט א לעדיג ארט, און ווייל דער שפיץ איז לייכט, שווימט ער ארויף. ווערד עס נאך עלטער איז דאס לעדיגע ארט נאך גרעסער און עס שווימט נאך מעהר ארויף. ביז צום חודש ווערד דאס ליידיגע אזוי גרוים, אז עס איז אין גאנצען אויבען און דאס איי שטעהט אין וואסער אויפגעשטעלט גלייך. איז אבער דאס איי שוין האלב לעדיג, וועגט די לעדיגע שאל איבער און דאס איי שאקעלט זיך ווי א שיף אויפ'ן ווינט. ביי א הארט געקאכט איי, ווען מען שעלט עס אב, קאן מען דערקענען ביי די עלטערע אייער, אז דער שפיץ פונ'ם ווייסל פעהלט, וואס מעהר עס פעהלט, עלטער איז דאס איי און אלס אומגעזונטער און אהן טעם איז עס.

---

# אלערליי.

— א בוך פאר 200,000 מארק. אויף דער וועלט־אויסשטעלונג, וואס וועט זיין אין יאהר 1904 אין סט־לואיז, וועט דער שטאט מיסורי אין אמעריקא, דרוקען א בוך, וואס וועט קאסטען 200,000 מארק. דאס בוך וועט געדרוקט ווערען אין 300,000 עקזעמפלארען און וועט צעט־ילט ווערען אומזיסט צווישען די געסט, וואס וועלען זיין אויף דער אויס־שטעלונג. אין דעם דאזיגען בוך וועט בעשריבען ווערען די ווירט־שאפטליכע לאגע פון דעם שטאט מיסורי און עס וועלען דארט ארייג־קומען פיעל אילוסטראציעס און בילדער.

— דער חוש השמועה ביי פיש. ביז איצט האט מען געמיינט, אז די פיש זענען אין גאנצען טויב, אונ' אז זייער געהער־ארגאן נעמט נישט אויף קיין שום קלאנג. נישט לאנג אבער האט א דייטשער פרא־פעסאר ג. ה. פארקער בעוויזען, אז דאס איז נישט ריכטיג, אז די פיש הערען אזוי גוט ווי אלע אנדערע בעלי חיים, ער האט צו דעם צוועק זיך געלאזט איינשאפען פארשידענע פיש און האט נישט ווייט פון "אקוואריום" אוועקגעשטעלט איינינע מוזיק־אינסטרומענטען און האט בע־מערקט, אז יעדער קלאנג, וואס די אינסטרומענט'ן גיבען ארויס, ווירקט אויף די פיש. א פרוי דערציילט ווידער, אז זי האט איהרע פיש, וואס זי האט אין א באסיין געהאדעוועט, אויסגעלערנט, זיי זאלען זיך צוזאמענקומען אויף איהרע רעד צום עסען און אז זיי האבען אפילו איהר קול דערקענט פון די אנדערע קולות, וואס זיי האבען געהערט.

— א רייזע אויף דעם אטלאנטישען אקעאן מיט א לופט־באלאן. דריי פראנצויזישע פראפעסארען ווילען מאכען א לופט־באלאן פון, 13,000 קוביקמעטער. דער באלאן וועט קענען ארויפנעמען 6 מענשען, א פאל־שירם און א רעטונג־שיפעל. צוויי פון די לופט־רייזענדער מוזען פארשטעהן גוט צו זעגלען. די בעסטע צייט צו דער רייזע איז בעשטימט דער חודש מאי און דאס בעסטע ארט, וואו צו רייזען דער אינזעל טענעריפא. די רייזע וועט דויערען 4—5 טעג.

---




## I. אלגעמיינע נייעס.

— די פארזאמלונג פון דער קאזאנער "זעמסטווא" האט בעשלאסען צו געבען די פרויען דאס רעכט צו זאגען זייער מיינונג גלייך מיט די מענער.

— אין אקטאבער עפענט זיך אין קיוב א שולע צו לעהרנען א־קושערינס פון ערשטען און צווייטען קלאס.

— אין דעצעמבער הײנטיגעס יאהר וועט אין פעטערסבורג זיין איין אספה פון דאקטוירים, אקושערען און פרויענערצטע. בײ דער אספה, אין וועלכע עס ויעלען נעמען איין אנטייל אקושערען און דאקטוירים פון גאנץ רוסלאנד, וועט אויך זיין איין אויסשטעלונג.

— אין ווארשא האבען אנגעהויבען די לעצטע צייט פארפאלען ווערען קליינע קינדער געהענדיג אין און פון די שולען. מעהרערע שולען האבען דעריבער אויפגעהערט אנצונעמען קליינע קינדער צום לערנען, סיידען די עלטערן וועלען זיי ברענגען יעדען טאג צופיהרען און קומען זיי אבנעמען.

— כמעט דער גאנצער פיש־מארק אין פעטערסבורג שטעהט זייט א געוויסע צייט בײ פרויען אין די הענט, די פרויען זענען נישט נאר די פארקויפערינס פון די פיש, נאר זיי פאהרען אליין אכטונג געבען בײן פאנגען די פיש. א געוויסע פרוי וואראוואר א איז א קאפיטאן פון א שיף, וואס פיהרט פיש קיין פעטערסבורג און זי פיהרט דאס שיף נישט ערגער פאר איין אייראפייאישען קאפיטאן.

— דעם 28 סעפטעמבער האט מען אין פעטערסבורג געפייערט דאס 25 יעהריגע יובילייאום זייט עס האט זיך געעפענט אין רוסלאנד די ערשטע העכערע פרויען שולע אין קורסען. רוסלאנד איז אין דער פרויען בילדונג אין די לעצטע 40 יאהר זעהר פיעל פאראויס. געגאנגען און שטעהט אין דעם נישט פיעל ווייטער פון די אנדערע אייראפייאישע לענדער.

דאס ערשטע לאנד איז געוועזען אמעריקא, וואס האט זיך גענומען צו בילדען די פרויען און איינצואָרדנען פאר זיי עקסטרא שולען, שוין אין יאהר 1842 האט מען דארטען ערלויבט פרויען אריינצוקומען אין אוניווערזיטעט גלייך מיט די מענער און אין די 60־גער יאהרען איז דארטען שוין געוועזען פרויען־אקאדעמיעס.

נאך אמעריקא איז ענגלאנד געוועזען די ערשטע אין אייראפא, וואס האט זיך פארנומען מיט דער פרויען־פראגע און אין יאהר 1876 זענען אין ענגלאנד שוין געוועזען 4 אוניווערזיטעטען פאר פרויען, 2 אין קעמברידזש און 2 אין אקספארד און אין יאהר 1892 האט דער פארלאמענט בעשטעטיגט, מען זאל דעם פרויען־אוניווערזיטעט געבען אלע רעכטען גלייך מיט אלע אנדערע אוניווערזיטעטען. אין פראנקרייך האט מען אין די 70־גער יאהרען אנגעהויבען צו צולאזען פרויען אין די אוניווערזיטעטען. אין יאהר 1875 האט מען אין דענעמארק די געלעהרנטע פרויען געגעבען די איינענע רעכטען, וואס די מענער האבען. אין דייטשלאנד האט זיך די בעוועגונג צו בילדען די פרויען אנגעהויבען אין די 60־גער יאהרען און אין די 70־גער יאהרען האט מען זיי שוין צוגעלאזען אין די אוניווערזיטעטען. אין יאהר 1891 האט דער דייטשער קייזער ווילהעלם דער צווייטער, וואס האלט מיט די שיטה, אז פרויען דארפען נאר וויסען 4 ק. (דאס הייסט קירכע, קינדער, קליידער און קיך) פארמאכט די אוניווערזיטעטען פאר די פרויען.

אין עסטרייך האט מען ערשט אין יאהר 1878 אנגעהויבען פרויען צו צונעמען אין די אוניווערזיטעטען און אויך נאר, ווען די פרוי בעקומט דערויף איין עקסטרא ערלויבניש פון דער לעהר־קאמיסיאן. אין שווייץ האבען שוין אין יאהר 1867 פרויען בעקומען ערלויבניש צו לערנען אין דעם ציריכער אוניווערזיטעט. אין שפאניע, האלאנד, בעלגיע און רומעניע, איז די פרויען־בילדונג גלייך מיט די מענער בילדונג, און אין יאהר 1884 איז אין נארוועגען ארויסגעגעבען געווארען א געזעץ לויט וועלכע די פרויען וואס האבען געענדיגט א וואסערע עס איז וויסענשאפט האבען די איינענע רעכטער ווי די מענער פון דער איינענער וויסענשאפט. און אין שוועדען האט אין יאהר 1870 די רוסישע בעריהמטע פרוי סאפיא קאוואלסקי פארגעלייענט לעקציעס פון מאטעמאטיק אין שטאקהאלמער אוניווערזיטעט און אזוי ענטוויקעלט זיך די פרויען־בילדונג אין אלע אייראפייאישע לענדער אלץ מעהרער און מעהרער.

## II. יודישע נייעס.

— א קעצין אין באקו רוס־לאנד שרה לאפאטין, צוהערענדיג זיך דעם ויכוח צווישען איהר בעל הבית מיט נאך איינעם וועגען ציוניזם האט מנדב געוועזען 100 רובל צום נאציאנאל־פאנד און האט דערבײ געזאגט: דאס איז אפילו א גרויס טייל פון מיין פארמעגען, נאר איך פרייה מיך זעהר, אז איך קאן מיט מיין געלד העלפען עפים דעם כלל ישראל.

— דרײ יודישע לעהרערינען אין אדעסא האבען בעקומען ערלויבניש צו האלטען וויסענשאפטליכע פארלעזונגען פאר יודישע יונגלעך און מיידלעך.

---

# ווי זאל מען בעהאנדלען די דיענסטען?

(ענדע).

אונזערע בעל־הבית'טעס, וואס גיבען זייערע דיענסטען פראסטערע שפייזען ווי זיי עסען אליין, האבען א תירוץ, אז די דיענסטען זענען פון דערהיים אויס געוואהנט צו פראסטע עסענס. זיי פארגעסען אבער, אז אין דערהיים זעהען זיי קיין בעסערעס נישט און ווילען דריבער נישט. אבער בײ אייך, וואו די דיענסט קאכט, באקט און בראט די בעסטע געריכטער און זי בעקומט אפילו דערפון נישט צו פארזוכען, גלוסט זיך איהר זעהר. איהר בעקלאגט זיך שטענדיג, אז אייערע דיענסטען זענען נאשערקעס: ווער מאכט זיי דען פאר נאשערקעס אויב נישט איהר אליין? גיט זיי אויך צו געניסען פון אלע שפייזען און געריכטער וועט זי נישט נאשען.

די דיענסט דארף בעקומען די איינענע שפייזען, וואס איהר אליין עסט, אדרבא איהר דארף מען נאך געבען קרעפטיגערע שפייזען, ווייל זי ארבייט שווער און פארליערט אסך כח, דארף מען איהר געבען בעסער צו עסען, זי זאל דאס פארלארענע כח ווידער בעקומען.

און ווי בעהאנדלען אונזערע בעל־הבית'טעס זייערע דיענסטען אין אלע אנדערע זאכען.

אט קומען די לאנגע ווינטער־אבענדען. איהר נעמט אייך דעם מאן מיט אייערע קינדערלעך און געהט ערגעץ אוועק פארברענגען, ווער אין טהעאטער, ווער אויף א באל אין די גרויסע שטעדט און אין די רייכערע הייזער. פון מיטעלען שטאנד געהט מען אין געסט, מען פארברענגט ביז שפעט אין דער נאכט מיט קארטען שפיעלען, און די דיענסט, וואס האט זיך א גאנצע טאג אנגעהאריוועט, ווארפט זיך מיד ארויף אין די קליידער אויפ'ן בעטל און מוז ווארטען ביז איהר בעלי הבתים וועט אהיים קומען. פון זיסטען שלאף רייסט מען איהר אויף, זי מוז מיט פארקלעבטע פארשלאפענע אויגען נאך מאכען דעם סאמאוואר פאר אייך.

ווער רעדט שוין, וואו מען קלויבט זיך צונויף בײן קארטען טיש און מען שפיעלט ביז דרײ דעם זייגער, דא מוז שוין די דיענסט שטעהן די גאנצע צייט גרייט, טאמער פארגליסט זיך איינעם פון די געסט עפים, מוז זי לויפען קלאפען נאך האלבער נאכט אין א געוועלב און ברענגען וואס זיי האט זיך פארגליסט, און קומט זי נישט אזוי געשווינד בעקומט זי נאך געזידעלט.

מען קאן נישט זאגען, עס געפינען זיך בשעת קארטען שפיעלען אזוינע בעלי רחמים, וואס נעמען אראב פון די געוואונענע געלד פאר דער דיענסט אונ עס טרעפט זיך א מאל, אז זי בעקומט אפשר א גאנצען רובל אונ נאך מעהר. נאר גלויבט מיר, אז זי וואלט אייך מוחל זיין פון גאנצען הארצען אט דעם דאזיגען רובל אונ איהר זאלט איהר ליבערסט לאזען זיך אויסרוהען פון איהרע שווערע ארבייט.

אונ צו וועמען לאזען אונזערע בעל־הבית׳טע׳עס אויס זייער הארץ אויב נישט צו דער דיענסט?

ווידער וויל איך אייך הייסען זיך לערנען פון די ענגלענדער אונ פראנצויזען אדער אפילו פון די אמעריקאנער. דארטען אז די דיענסט ווערד פארטיג מיט איהרע ארבייט, אונגעפעהר אכט דעם זייגער פון אבענד, האט אויף איהר די בעל־הבית׳טע נישט וואס צו זאגען אונ זי געהט זיך וואו זי וויל. ביינאכט וועט איהר קיינער פון שלאף נישט רייסען, דארטען האט יעדער פון הויז א שליסעל, אונ ווער עס קומט שפעט פון נאס, עפענט שטיל די טהיר אונ געהט אויף די שפיץ פינגער אריין צו זיך אין צימער, כדי קיינעם נישט צו שטע־רען פון שלאף.

אונ ווי בעהאנדעלט איהר אייערע דיענסטען, אז זיי ווערען קראנק.

פון א לייכטע קראנקהייט ווי קאטאר, ווי קאפּוועהטאג, אדער אפילו אינפלוענציע מאכט איהר אייך גאר נישט וויסענדיג, אונ לאזט קראנקער־הייט טון די שווערסטע ארבייט. ווערען זיי אבער קראנק אויף א שווערע קראנקהייט שיקט איהר זי באלד אב אין שפיטאל אונ ווילט פון זיי מעהר נישט וויסען.

אט דאס איז דער תירוץ, פאר וואס די דיענסטען ווילען אזוי אפט ביטען זייערע שטעלען, ווייל זיי מיינען טאמער וועט די נייע בעל־הבית׳טע בעסער בעהאנדלען, טאמער וועט מען איהר דארטען האלטען פאר א מענשען. אט דאס איז די סבה וואס די דיענסטען זענען אייך נישט טריי.

ווילט איהר אז דיענסטען זאלען אייך זיין טריי, מוזט איהר זיי אויך זיין טריי. בעטראכט זיי פאר מענשען, ניט פאר שקלאפען, וועט איהר זעהן, אז זיי וועלען אייך זיין איבערגעגעבען מיטען גאנצען הארצען אונ וועלען זיך שטענדיג בעמיהען אייך צופרידען צו שטעלען.

ל. גיימארק.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר
פערלאג "פאלקסבילדונג".

---

ביי מיינעם נעפפען הערן יוסף ליעמאן אין בערלין איזט אם 18 ד. מ. געבארען ווארדען איין זאהן געמל'עט. איך ווינשע איהם הערצליכען מזל טוב.

קראקא. שלמה פריעדמאן.

---

## ההתימה לשנת תרס"ד

על העתון השבועי המצויר לבני הנעורים

**שנה שלישית** — **עולם קטן** — **שנה שלישית**

דמו"ל: — העורכים:

**הוצאת „תושיה" בורשה. — א. ל. בן-אביגדור וש. ל. גרדון.**

העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד והמיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.

שפת ה„עולם קטן" ברורה ופשוטה [illegible]

[illegible]

[illegible]

## [illegible] לשנה

[illegible]

[illegible]

בתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון [illegible] בשם:

## „המדריך"

[illegible]

מחיר [illegible] לרבע שנה. לחותמי ה„עולם קטן" 2 רובל לשנה 1 רובל לחצי שנה 50 קאפ' לרבע שנה.

---

## חדשה לקוראנו!

עוד לפני שלש שנים, בראשית גשתנו להוצאת ה„עולם קטן", דמתנו להוציא שני עתונים לבני הנעורים: אחד לילדים ואחד לנערים. אבל אח"כ נוכחנו, כי כל עוד לא בראנו לנו קהל קוראים צעירים הגון — קשה יהיה להוציא את שני העתונים הנזכרים בבת אחת, ונהיה אנוסים להסתפק בעתון אחד, שהיה בעקרו לילדים ושאח"כ השתכלל ויהי לעתון מיוחד לילדים ועתה הננו שמחים להוריע, כי אחרי שנתחבב ה„עולם קטן" על קוראנו ומצבו התבסס יותר — הגיעה השעה, שנוכל להגשים את רעיוננו מכבר ולמלא את אשר הבטחנו בשלמות.

והננו נגשים עתה להוציא בתור הוספה שניה ל„עולם קטן" ירחון מצויר לבני הנעורים, בשם:

## „הנעורים"

**בו יבואו: שירים, ספורים, ספרי-מסע, תולדות אנשי שם, מאמרי מדע פופולריים, ידיעות ומקרי הימים, עם תמונות וציורים שונים. השפה תהיה נוחה והמלים הקשות תהיינה מנקדות, ובמקום הצרך גם מבארות.**

**החוברת הראשונה כבר יצאה מתחת מכבש הדפוס.**

מחירו: לשנה 3 ר', לחצי שנה 1,50 ר', לרבע שנה 75 ק'. לחותמי ה„עולם קטן": לשנה 2 רובל, לחצי שנה 1 רובל, לרבע שנה 50 קאפ'.

האדריסה ברוסיה: Издательство „ТУШІЯ" Варшава.

בשאר ארצות:

Administration „Olam Katan", Krakau, Sebastyang. 32.

---

**פערלאג „פאלקסבילדונג".**

## ציוניסטישע ביבליאטהעק.

ב.

**די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.**

פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

ג.

## דער זעקסטער ציוניסטישער קאנגרעס

פרייז 8 קאפ. מיט פארטא 10 ק.

[illegible] באקומען ראבאט.

Изд. „Тушія", Варшава. — Verlag „Tuschijah", Warschau.

---

[illegible]

## דער [illegible] „הילף"

[illegible] פאר די [illegible]

פרייז 1 רובל מיט פארטא.

[illegible] יודישע פאלקסצייטונג.

---

## הוצאת „תושיה":

## דקדוק לשון עברית

(אתימולוגיה).

מאת **שמואל דוד לוצאטו** (שד"ל).

מעובד ע"י אברהם כהנא.

הספר הזה הוא הדקדוק הראשון אשר הצדקה לו להקרא בשם **דקדוק לשון עברית השלם.** היא שונה מכל ספרי הדקדוק שקדמו לו עפ"י תוכנו, בהיותו לא רק דקדוק שפת כתבי הקדש בלבד, כי אם דקדוק השפה העברית בשלמותה. כי הוא כולל בקרבו את כל חקי הלשון העברית העתיקה והחדשה, עם כל השנוים וההוספות, שנעשו בה בכל תקופות התפתחותה עד ימינו. מלבד דקדוקו של שד"ל, אשר חכמי הלשון מעמידים אותו בראש כל ספרי הדקדוק שיצאו מידי גדולי המדקדקים, היו לנגד עיני המעבד מבחרי הספרים שנתחברו במקצוע זה בלשונות אירופה, כמו ספרי החכמים: גזיניוס, פרופ' שטראק, פרופ' זיגפריד, אייבלד, וויינקופ, פרופ' לולי, פרופ' שטדה, פרופ' קיניג, ד"ר שולטצה ואחרים, וככה סכם המחבר בספר זה את כל מראות הדקדוק של הלשון העברית מוארים ומבוארים בדרך קצר וקל.

גם שונה הוא הספר הזה עפ"י צורתו מכל ספרי הדקדוק האחרים, בהיותו ערוך ומסודר בתכנית ספרי-הדקדוק היותר חדשים בלשונות החיות, וע"כ יהיה לתועלת רבה לתלמידים בהקילו להם הרבה את למוד דקדוק שפתנו. ולצורך המורים והתלמידים המכינים נתנים באורים והערות נכוחים, שנדפסו באותיות אחרות משל הפנים, כדי להבדילם ממנו.

**מחירו 50 קאפ', מכורך 60 קאפ', בכבד 65 קאפ', פארטא 8 קאפ'.**

## צום געלד זאמלען



איז זעהר פראקטיש די 10 קאפעקענע שפארזאם קאסעלעך.
וויהערענד דורך אבשפארען 10 קאפ. טעגליך אונ אריין ווארפען אין קאסעלע, פון וועלכען מען קאן נישט ארויס נעהמען ביז עס קלויבט זיך אן 5 רובל, קאן מען זיך אנזאמלען א קליין קאפיטאל.
זעהר נייטיג פאר אגענטען, אינקאסענטען, איבערהויפט פאר פרויען אונ קינדער. 6—2 (262).
פרייז 2 שטיק נאר 1.05 רובל מיט פארטא.

**В. ТЕНЕНБАУМЪ**
Варшава, Гусья 27/40.

---



Оптическо-Хирургическій складъ
И. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- אונ בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס אונ הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע אונ שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע אונ חירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק

**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**
אלץ ווערד צוגעפאסט דורך ספעציאליסטען
284 25 15

---

בבית-מסחר-ספרים של
**ז. ש. שרעבערק, ווילנא, סטעפענג.**
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Сребeрка, Вильна. 22. 50—17

---

## אומזיסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל ווענען שניידען אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варщава.

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט אנטע פרנסה איינפיהרען. אבריף־ליכע עקלערונג חנם לכל דורש.
Я Найдичъ, Варшава.

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדבעטורין פון ד"ר וואוועלבערג, לעשנא 79, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבעטורינס אומזאנסט. פיר פערמעגליכע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12
231 פרית. (13—20)

---

בבית מסחר הספרים
**י. ראזומאווסקי בבערדיטשוב**
ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34 אצל א. צייזענגאלד נמכרים כל מיני (217) ספרים במקחים נמוכים. 50 21

---

## !!!חדשה חשובה
**ידות-העט עם לוח-השנה.**
שש בקופסא אחת במחיר 1 רובל
וששה עשרה בקופסא „ 2 „
יש להשיג אצל הממציא עפ"י הכתבת:
Г. ЮФФЕ, Варшава, Павья 12.

---



## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן
דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען
ד. בעראדאווסקי ווארשא, לעשנא 9 № 4 וואהנ. 4
אויפס פערלאנג פערפערטיגט אללער ארט בעשטעלונגען
147 אין 24 שטונדען. 20—25

---

## די אלעמען בעוואוסטע אלער בעסטע:

I מאשינען צום פערפערטיגען אלערליי פרוכטען, יאגדעס, סעלעטערס, סאדע וואסער און אנדערע מינעראל-וואסער, ל'מאנאר, פערשידענע קוואסען, פראנצויזישע זידענדע געטרענקע אונ וויין; סידר, שאמפאניער, הערעס, שערי אונ אנדערע, צוגלייך אויך די בעשרייבונג אונ כלים דערצו, מיט וועלכע עס צו פערפערטיגען.

II סיפאנען שען אונ שטארק לויט די פראנצויזישע סיסטעמע

III דאמפף אפאראטען צום דעסטעלירען אונ איבער-טרייבען.

VI פאלישטענדיגע איינארדנונג צו אנשטאלטען אויף מאכען אלערליי סארטען וואסערן שטעלט צו די פאבריק פון מאשינען אונ דער פאבריטשנע סקלאד פון קארקעס די בעסטע עסענצען עפירען אונ סאקעע א. ד. ג. אונ אויך אלע אנדערע זאכען, וואס עס געהערען אונ זענען נייטיג צו אלע פער-פערטיגונג פון מינעראל-וואסער אונ לימאנאד. 5—5

ИППО и Ко. въ Варшавѣ, Грибная ул. собств. домъ № 15н.

---



הערען אונ דאמען בעמערקט אייך
דאס געזעלשאפט

## „ВОЛГА“



אין ווארשא

פיר 6 רובל מיט 50 קאפ' פראנק אונ אהן האנדגעלד אויף א נאכנאהמע שיקען מיר ארויס 8 נייטיגע זאכען פאר יעדען מענש:

1) א מענער-זייגער פון ריינעם אמעריקאנישען שטאל, אהן א שליסעל, אפענע, מיט א פעסטען מעכאניזם אונ א גוטען גאנג, אבגעציינגנע אויף א מינוט מיט א גאראנטיע אויף 6 יאהר; 2) א עלעגאנטע קייט צו דעם פון מעטאל אדער אמעריקאנער טאלמע גאלד; 3) א ברעלאק אדער א מגן-דוד; 4) א גאלדענעם פינגערל 56-ער פראבע פאר דאמען אדער הערען מיט א שטיין; 5) א לעדערנעם פארטמאנע פון איין שטיק מיט 6 אבטהיילונגען מיט א מעכאנישען שלאס, וועלכער ענטהאלט א קויטשוק-שטעמפעל מיט דעם נאמען אונ פאמיליע פון דעם בעשטעלער; 6) א עלעגאנטען מעטאלענעם פארט-פאפיראס — אויטאמאט מיט א סעקרעט, אויף פערלאנג קאן ער אויסגעביטען ווערען אויף א לעדערנעם אדער א דאמען-טישטער פון דראט; 7) א עלעגאנטען אויסלענדישען מעסערל „זאלינגען“ אדער א ראזיר-מעסער; 8) א בערשטעל מיט א שפיגעלע. דאמען-אוהר מיט א ריבל טייערער, צוגעמאכטע מענער-אדער דאמען-אוהרען אויך אויף איין רובל טייערער.

פערשידענע קופאנען פון פירמען ווערען אנגענומען צו 50 קאפ' פון יעדער בעשטעלונג. עס ווערען אויך אנגענומען אלער האנד בעשטעלונגען אויף גאלד, זילבער אונ גאלאנטעריע-וואארען היפטזעכליך בעמיהט זיך דאס געזעלשאפט פינקטליך שנעל אונ רעיעל צו בעהאנדלען. (1—4) 263

אדרעסירען: Товарищество „ВОЛГА“, Варшава.

---

דיא ערשטע אונ איינציגע

## מעכאנישע פאבריק צו רעפארירען שוה-ווערק.

А. Гринштейнъ, Варшава, Новолипки № 58.

נעמט אן צו רעפארירען אלערליי שוה-ווערק, עס מאכט קיין אונטערשייד נישט פון וואס פאר א גאטונג לעדער עס איז. דיא לאטעס ווערדען געקלעפט מעכאניש, גאר אהן נעהטע אונ די רעפארירטע שוהע קומען ארויס ווי פון דער ניי, נישט צו דערקענען אויף זיי דעם מינדעסטען צייכען פון רעפארירען.
פראווינציער, וואס ווילען זיך עפענען אזא פאבריקעל, קענען זיך מיט זיי איינגעהען לויט בעשטימטע בעדינגונגען, ווי איך וועל ענטפערן יעדען, וואס וועט אריינשיקען א פאסט-מארקע פאר 7 קאפ.
דיא פאבריק איז יעצט איבערגעגאנגען אין מיין אייגענטהום און: ווער עס וויל דארף זיך ווענדען נאר צו מיר
А. Гринштейну, Варшава, Новолипки № 58.
פיליאלען: I פראנציסקאנסקא 35 אין טויער. II טווארדא 22 וואהנונג 42 אין צווייטען הויף.
229 25—18
רעפעראציאן ווערד פערפערטיגט ווארטענדיג.

---

## פרנסה בכבוד.



מען זוכט אגענטען אין רוסלאנד אונ פוילין געגען גוטע בעדינגונגען צום פערקויף פון די אמת'ע בעסטע **פאנאגראפען**, וועלכע רעדען, שפיעלען, זינגען לאכען אין אלע שפראכען גאנץ נאטור-טריי. צו ווענדען זיך מיט א רעטור-קארטע פאר 8 קאפ' אן די אדרעסע. (3—3)
Internationales Exporthaus
Krakau (Oesterreich) Postfach 77

---

## !!נאך ניכט דאגעוועגען!!
**פעדערהאלטער מיט קאלענדאר**

זעהר נוצבאר פיר יעדען וואס האלט נור א פעדער אין האנט, צו זעהען געגוי אין איין מאמענט, יעדען דאטום פון 1902 ביז 1907 יאהר.

**פעדערהאלטער, מיט א יודישען לוח צום יאהר תרס"ד.**

די פעדערהאלטער זענען זעהר שען אויסגעפיהרט.
עס ווירד ארויס געשיקט אויך פער נאכנאהמע 6 שטיק פיר 1 רובל פראנקא איבעראל. 5—2 (261)
ווידערפערקייפער בעקומען ראבאט.

**В. ТЕНЕНБАУМЪ**
Варшава, Гусья 27/40.

---

בית-מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל
ווארשא זלאטע 63
מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (210) 50 23

---

## עלעקטרישע
נייהייטען מאגאזין פאן
Б-тья Канкусъ Варшава.
איז איבערטראגען אויף
(259) С-го Георгія 22. 2—3

---

## י. שעקמאן, ווארשא
פאבריק פון זילבער 84 פראבע
עט פלאטע-וואארען. (128) 50 39




---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אוים גרינטליך, אויך דורך בריעפע
דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן
Адресъ: Юдку Вейнблату
Варш ава, Слизкая 22.
(105) 25—24